# פון אידישן לעבן

## אַ לער־בוך פאַר
## אידישע קינדער

פון

**ח. גרענט**

מיט דער מיטווירקונג פון

קלמן ווייטמאן

היברו פאבלישינג קאמפאני

632 בראדוויי, ניו יארק

1933

# אינהאלט

# אינהאלט:



# אידישע אגדות

# פאָרוואָרט

דער למוד פון אידיש אין אונזערע תלמוד תורה׳ס איז שוין מער קיין נייעס ניט. באַזונדערס אין די תלמוד תורה׳ס וואָס געפינען זיך אין די געדיכט-באַפעלקערטע אידישע נאכבארשאפטן. אידיש ווערט שוין געלערנט אַפילו אין די תלמוד-תורה׳ס וואָס ווערן פאַר־רעכנט פאַר „ריין העברעאישע“. דאָס איז גאַנץ נאַטירליך. פון איין זייט איז דער למוד פון אידיש אַ דרינגענדע פאָדערונג מצד אַ גרויסן טייל פון אידישע עלטערן, און עס איז ניטאָ קיין טעם, סיי פון אַ נאַציאָנאַל-רעליגיעזן, סיי פון אַ ריין פעדאַגאָגישן שטאַנדפּונקט, צובאַטראַכטן די דאָזיקע פאָדערונג פאַר אַן אומגערעכטע. פון דער צווייטער זייט, האָבן אַ טייל ערנסטע העברעאישע מחנכים זיך שוין לאַנג דערטראַכט צום געדאַנק, אַז די קענטניש פון אידיש איז זייער אַ וויכטיקער חלק פון דעם סכום אידישע ידיעות וואָס מיר ווילן איבערגעבן אונזער קינד אום צו פאָרמירן זיין אידיש-מענטשליכע נשמה.

אַזוי ווייט איז דער עצם למוד פון אידיש מער קיין פּראָבלעם ניט. דער פּראָבלעם איז — טעקסט ביכער פאַר אידיש. ביז לעצטנס האָבן זיך אונזערע תלמוד תורה׳ס באנוצט מיט ביכער וואָס זיינען לכתחלה געשאַפן געוואָרן פאַר אידישיסטישע און ראַדיקאַלע שולן. תלמוד תורה׳ס האָבן זיך באנוצט מיט אַזעלכע ביכער, כאָטש זיי האָבן אַנערקענט די אומפּאַסיגקייט דערפון, ווייל זיי האָבן ניט געהאט קיין אַנדערע ביכער. עס האָט זיך דאַריבער געפילט די פאָדערונג אין אַ בוך וואָס זאָל זיין אידיש ניט נאָר אין שפּראַך, נאָר אויך אין אינהאַלט. מיר דענקען אַז מיט דעם דאָזיקן בוך „פון אידישן לעבן“ דערפילן מיר די דאָזיקע פאָדערונג.

דאָס בוך דינט אַלס אַ טעקסט-בוך אי פאַר אָנפאַנגער קלאַסן, אי פאַר קלאַסן וואָס האָבן שוין די ערשטע ידיעות אין אידיש. מיר שטרייכן אונטער פאַר אָנפאַנגער, ווייל מיר גלויבן, אַז מיט תלמוד־תורה קינדער וועלכע זיינען שוין באקאנט מיט די עלעמענטן פון העברעאיש דאַרף מען ניט, ווען ס׳קומט צו אידיש, אָנפאַנגען מיט „בא“, „באָ“, „מע“, נאָר נאָך אַ קורצע דערקלערונג פון לערער קאָנען די קינדער גלייך צוטרעטן צו אַ לעזע-בוך מיט אינטערעסאַנטן פאַר זיי מאַטעריאַל.

איייניקע פון די הויפּט אייגנשאַפטן פון דעם בוך זיינען:

א. דאָס בוך באַהאַנדלט אַ טייל פון אונזער רעליגיעז־נאַציאָנאַלן לעבן ווי עס שפּיגלט זיך אָפּ אין׳ם אידישן יאָר. אַלס יסוד פאַר דעם דינען אונזערע שבתים און ימים טובים און נאַציאָנאַלע פייערטעג לויט דעם סדר פון אונזערע חדשים.

ב. עס ווערן אין אים געגעבן לייכטע לקוטים פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור, עכט אידיש אין אינהאַלט. דאָס גיט דעם תלמיד אַ גוטע הכנה אין דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור.

ג. עס ענטהאַלט אַ גאַנץ באַדייטענטע צאָל דערציילונגען פון תלמוד און מדרש, וואָס באַהאַנדלען דאָס רעליגיעז־אַלמעטש־ליכע אין אידישקייט. דאָס וואָס מיר רופן „מצוות שבין אדם לחברו“, אָדער „המאור שבתורה“. דאָס האַלטן מיר פאַר אַ זייער וויכטיקע ביישטייערונג אין ספרי־למוד פאַר קינדער. אין דעם בוך „פון אידישן לעבן“ גיבן מיר דערציילונגען וואָס אַנטפּלעקן פאַר אונזער קינד שטיקער פון דעם וואונדערבאַרן רעליגיעז־אוניווערסאַלן אוצר וואָס ליגט פאַר־באָרגן אין אידישקייט.

ד. ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט ווערט געשיינקט דעם העב־רעאישן עלעמענט אין דער אידישער שפּראַך. נאָך יעדער לעקציע זיינען פאַרצייכנט די העברעאישע ווערטער פון דער לעקציע, אַזוי אַז ווען דער תלמיד ענדיקט דאָס בוך קריגט ער אַ ידיעה אין אַרום 400 העברעאישע ווערטער. און גראַדע ווערטער, וואָס האָבן אַ באַזונדערע חשיבות אַ דאַנק די אידישע באַגריפן וואָס זיי דרוקן אויס.

ה. נאָך יעדער לעקציע זיינען געגעבן פראַגן וואָס דינען אַלס אַן אויסגעצייכענטער מאַטעריאַל פאַר איבונגען און „הויז־ארבייט“.

מיר האַלטן אַז דאָס בוך „פון אידישן לעבן“ וועט געבן אונזער תלמוד תורה קינד אַ גאַנץ צופרידענשטעלענדע באַקאַנטשאַפט מיט אידיש אַלס שפּראַך, רעדן, שרייבן און לייענען, און מיט אַ גאַנץ חשוב׳ן חלק פון אידישן לעבן, דענקען און פילן.

**חיים גרענט**
**ק. וויטמאַן**

ערב ראש השנה, התרצ״ג

# מַרְחֶשְׁוָן

(1.)

## מרחשון

דער צווייטער אידישער חודש איז חשון, אָדער מרחשון. מרחשון איז אויך דער צווייטער הערבסט-מאָנאַט. הערבסט פאַנגט זיך אָן אין ערשטן חודש תשרי.

ס'איז הערבסט. די ווייס-בלויע קלאָרע זומערדיקע הימלען ווערן מיט כמאַרעדיקע וואָלקנס באַצויגן. קאַלטע הערבסטיקע ווינטעלאַך בלאָזן, שאָקלען מיט כעס די בוימער, רייסן מיט צאָרן די גאָלד-געלבע בלעטער און שלײַדערן זיי אויף דער ערד. אומעטיק און פאַרלאָזן בלייבן די בוימער. די שיינע פייגעלאַך, די זינגערס און שפּרינגערס פאַרלאָזן אונדז. זיי פליען אין ארץ ישראל, אין דאָס לאַנד פון ליכט און זון, אין לאַנד פון אייביקן זומער.

מחנות פייגעלאַך פליען. זיי פליען צו מזרח און פילן אָן אונזערע הערצער מיט אַ ביינקעניש, מיט אַ בייקענעש נאָך אונזער מזרח-לאַנד ארץ ישראל. און עס

ווילט זיך בעטן ווי אונזער גרויסער משה האָט מתפלל געווען—„לאָז מיר, גאָט, אַ פייגעלע זיין, דעם ירדן אַריבער־פליען און ארץ ישראל זען.“

———o———

---

תשרי, מרחשון, חודש, מזרח, ארץ ישראל, מתפלל.

———o———

## פראַגן:

ווי הייסט דער ערשטער מאָנאַט? ווי הייסט דער צווייטער חודש? ווען פאַנגט זיך אָן הערבסט? . וואו איז דאָס אידישע לאַנד? ווי הייסט דאָס אידישע לאַנד? וואו איז דער ירדן?



הערבסט

(2.)

# הערבסט ליד

ס׳פלאַטערן בלעטער,
און פליגעלאַך זשומען;
אַך, פריהער צו שפּעטער
דער הערבסט מוז דאָך קומען!

אַך, פריהער צו שפּעטער,
עס וועט אונדז פאַרדארבן,
דער הערבסטיקער וועטער,
און אַלץ, אַלץ וועט שטאַרבן.

אויס פייגעלשע טרעלען,
אויס בלומען אויס גראָזן,
און הערבסט ווינטן וועלען
דעם זומער צובלאָזן.

פון אַלע פיר זייטן
דער רעגן וועט שמייסן,
ביז קומען צורייטן
ט׳דער ווינטער אין ווייסן.

ד. טשארני



אברהם'ס רייזע נאָך כנען

(3.)

# ארץ ישראל

נאָך אין די גאָר אַלטע צייטן, אין די צייטן פון אברהם אבינו האָט שוין גאָט צוגעזאָגט אַז ארץ ישראל וועט זיין דאָס לאַנד פון די אידן. גאָט האָט זיין הבטחה מקים געווען און אַלענגערע צייט האָבן די אידן געלעבט אין ארץ ישראל יעדער „אונטער זיין וויינשטאָק און פייגנבוים“ און זיינען צופרידן געווען.

מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן די רוימער אַוועק-גערויבט אונזער לאַנד און פאַרטריבן אונדז אין גלות. מיר האָבן אָבער אונזער לאַנד קיינמאָל ניט פאַרגעסן און אונזער אייביקע שטרעבונג איז געווען זיך צוריק אומקערן אין ארץ ישראל.

אין יאָר 1917, נאָכ׳ן וועלט-קריג, האָט די ענגלישע רעגירונג אַרויסגעגעבן די באַרימטע באַלפור-דעקלאַ-ראַציע, אַ צוזאָג, אַז ענגלאַנד וועט העלפן די אידן אויפ-בויען אַ אידישע היים אין ארץ ישראל.

אידישע קינדער קאָנען אָבער העלפן פיל מער ווי ענגלאַנד, אויב זיי וועלען אויסוואַקסן שטאָלצע נאַציאָנאַ-לע אידן מיט אַ שטאַרקע ליבע אין זייערע הערצער פאַר אונזער לאַנד, דאָס לאַנד פון אונזערע אבות—ארץ ישראל.

———o———

ארץ ישראל, גלות, אבות, אברהם אבינו, הבטחה, מקים.

## פראַגן:

וואָס מיינט ארץ ישראל? וואָס מיינט גלות? ווער האָט אַוועקגערויבט פון אונדז ארץ ישראל? וואָס איז געווען אונזער שטענדיקע שטרעבונג? ווען האָט ענגלאַנד אַרויסגעגעבן די באַלפור דעקלאַראַציע? ווער איז געווען באַלפור? וואָס פאַר אַ צוזאָג האָט ענגלאַנד געמאַכט אין דער באַלפור דעקלאַראַציע? כדי צו העלפן בויען ארץ ישראל וואָס דאַרפן אידישע קינדער טאָן?



אברהם

(4.)

# מיין הארץ איז אין מזרח

פון ר׳ יהודה הלוי

מיין הארץ איז אין מזרח און איך בין אין מערב,
ווי קאָן איך אַ גליקלאַכער זיין,
ווי קאָן איך פאַרגעסן מיין שרעקלאַכן אומגליק
און לעבן פול נחת און שיין!

אין ווייטע און גלענצענדע שיינע מדינות,
בין איך, ווי אָן וואָרצלען אַ בוים,
מיר חלומ׳ט זיך ציון, מיין אָרימע ציון,
עס ציט מיך אָן אויפהער אַהיים...

(אידיש ל. יפה)

---o---

מזרח, מערב, נחת, מדינות, חלום, ציון.

(5.)

# קרן קימת לישראל.

דער קרן קימת לישראל — דער אידישער נאציאָנאַל פאָנד — לייזט אויס דעם באָדן אין ארץ ישראל.

דער באָדן אין ארץ ישראל באַלאַנגט יעצט צו אַקליי- נער צאָל רייכע אַראַבער — עפענדים רופט מען זיי — און בלויז אַקליינער טייל פון באָדן ווערט באַאַרבעט. דער גרעסטער חלק פוסטעוועט און איז וויסט.

דער קרן קימת לישראל קויפט דעם באָדן פאַר דאָס אידישע פאָלק און פאַרוואַנדלט וויסטע פלעצער אין בלי- הענדע אידישע ישובים.

וואָס מער באָדן מיר וועלן באַזיצן אין ארץ ישראל אַלץ נענטער וועלן מיר זיין צו אונזער ציל — דאָס אידישע לאַנד פאַרן אידישן פאָלק.

אידישע קינדער דאַרפן און מוזן העלפן דעם נאַצי- אָנאַל פאָנד, זיי דאַרפן און מוזן העלפן אויסלייזן אונזער לאַנד ארץ ישראל.

דער פרעזידענט פון אידישן נאַציאָנאַל פאָנד איז דער באַרימטער ציון פירער מנחם מענדעל אוסישקין. ער האָט זייער פיל געטאָן פאַר גאולת הארץ.

---

קרן קימת לישראל, ישובים, חלק, גאולת הארץ.

### פראַגן:

וואָס איז דער קרן קימת לישראל? וואָס טוט דער נאַציאָנאַל פאָנד צו וועמען באַלאַנגט דער באָדן וואָס דער נאַציאָנאַל פאָנד קויפט? ווער זיינען די עפענדים? ווער איז דער פרעזידענט פון קרן קימת לישראל?

(6.)

# ים־ליד

(נאך ר׳ יהודה הלוי)

כ׳האָב פאַרגעסן אַלע ליבסטע,
כ׳האָב פאַרלאָזט מיין אייגן הויז;
כ׳האָב דעם ים זיך אָבגעגעבן:
טראָג מיך, ים, צום מוטערס שויס!

און דו, מערב - ווינט געטרייער,
טרייב מיין שיף צו יענעם ברעג,
וואָס מיין האַרץ מיט אָדלער - פליגל
זוכט שוין לאַנג צו אים אַ וועג.

ברייננ מיך נאָר אַהין בשלום, —
נאָכדעם פלי זיך דיר צוריק,
גריסן זאָלסטו אַלע ליבסטע,
און דערצייל זיי פון מיין גליק.

ח. נ. ביאַליק

---

ים, מערב, בשלום.

# כִּסְלֵו

(7.)

## כסלו

דער דריטער חודש פון אידישן יאָר איז כסלו. כסלו איז אויך דער דריטער און לעצטער הערבסט-מאָנאַט. תשרי, חשון און כסלו זיינען די דריי הערבסט-מאָנאַטן, אָדער ווי מען רופט עס אין העברעאיש—תקופת הסתיו—הערבסט סעזאָן.

אידישע קינדער אין די אַמעריקאַנער תלמוד-תורה׳ס און שולן גרייטן זיך אין חודש כסלו דורכצופירן חנוכה-אָוועגטן אין דער חנוכה-וואָך.

יעדע תלמוד-תורה און שולע גרייט צו אַ חנוכה-אָוונט פאַר חנוכה. די עלטערן פון די קינדער און די אידן פון געגענד קומען זען, ווי יונגע קינדער פירן דורך מיט געפיל, היסטאָרישע זאַכן אין אידיש און העברעאיש, און האָבן שטאַרק הנאה פון דעם.

---

כסלו, מרחשון, תשרי, תקופת הסתיו, חנוכה, הנאה.

### פראַגן:

דער וויפילסטער חודש איז כסלו? וועלכע חדשים זיינען די הערבסט-מאָנאַטן? וואָס מיינט תקופת הסתיו? וועלכן יום-טוב פייערן מיר אין חודש כסלו?



יהודה המכבי

(8.)

# נס חנוכה

אין יענע צייטן זיינען די יונים, די גריכן, געווען די הערשער אין דאָס אידישע לאַנד ארץ ישראל. אנטיוכס, דער גריכישער קעניג, האָט אַרויסגעגעבן אַ גזירה אַז די אידן מוזן אויפגעבן זייער תורה און ניט רעדן זייער שפּראַך, די העברעאישע שפּראַך, אָדער ווי ס׳האָט דאַן געהייסן — לשון קודש.

דעם קעניג׳ס באַפעל האָט אויך געזאָגט, אַז די אידן מוזן לערנען די גריכישע תורות און רעדן גריכיש. און אַ סטאַטוע פון שטיין האָט ער געהייסן אַריינשטעלן אין

אידישן בית-המקדש און האָט די אידן פאַרזאָגט זיי זאָלן זיך בוקן צו איר.

אָבער אונזערע עלטערן האָבן ליב געהאַט זייער גאָט, זייער תורה און זייער שפּראַך און זיי האָבן ניט אויסגע-פאָלגט דעם שלעכטן אנטיוכס-באַפעל.

האָט אנטיוכס דער רשע געהייסן הרג׳ענען טויזנטער און צען טויזנטער אידן.

דאַן איז געקומען מתתיהו דער כהן, פון דער חשמונאים פאַמיליע, ער האָט אָרגאַניזירט אַלע שטאַרקע אידן, די גבורים, און האָט אָנגעפאַנגען אַ קריג געגן די אידישע שונאים, די גריכן.

דער פירער פון די אידישע גבורים איז געווען יהודה המכבי, מתתיהו׳ס זון

און לאַנג האָט געדויערט די מלחמה, די חשמונאים-יונים מלחמה.

און פינף און צוואַנציק טעג אין חודש כסלו אין יאָר 3597 האָבן די קליינע צאָל אידישע גבורים באַזיגט די גרויסע גריכישע אַרמיי און באַפרייט דאָס אידישע לאַנד, ארץ ישראל, פון גריכישער הערשאַפט.

דעריבער פייערן מיר דעם יום-טוב חנוכה אַכט טעג, מיר צינדן חנוכה ליכט און דאַנקן גאָט פאַר׳ן גרויסן נס וואָס ער האָט געטאָן מיט אונזערע עלטערן אין די צייטן פון די חשמונאים.

———o———

---

נס חנוכה, יונים, ארץ ישראל, אַנטיוכס, גזירה, לשון קודש, בית המקדש, מתתיהו, כהן, חשמונאים, גבורים, שונאים, יהודה המכבי, מלחמה, כסלו.



חנוכה - ליכטלאַך

---o---

(9.)

# חנוכה ליכט

„ברוך אתה“
זינגט דער טאַטע
און ער צינט די ליכט:

פון זיי שטראַלן
מילדע פאַלן
אויף זיין בלאַס געזיכט.

און אַ פייער,
הייליק, טייער
אין די אויגן לייכט;

און דער מידער
מיט די גלידער
האָט זיך אויסגעגלייכט.

א. רייזען

---o---

(10.)

# חנוכה

אַמאָל, ווען די אידן האָבן געלעבט אויף זייער לאַנד, אין ארץ ישראל, האָבן זיי איינמאָל געהאַט זייער אַ שלעכ-טע צייט.

די גריכן זיינען געוואָרן גאַנצע בעלי-בתים אין לאַנד און זיי האָבן אונטערדריקט דאָס פאָלק. זיי האָבן ניט געלאָזט די אידן אָפּהיטן זייערע מנהגים און דינען צו זייער גאָט. זיי האָבן געצוואונגען די אידן צו ריידן אויף דער גרי-כישער שפּראַך און היטן גריכישע מנהגים

און עס האָבן זיך אויך געפונען אידן, פון די רייכע לייט, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו קליידן זיך גריכיש, צו ריידן גריכיש און צו העלפן די גריכן איינצופירן אַלץ, וואָס עס איז גריכיש, אין דעם אידישן לאַנד

און די גריכן איז דאָס אַלץ נאָך ווייניק געווען. האָבן זיי אַריינגעשטעלט אַ סטאַטוע פון זייערן אַגאָט אין דעם בית המקדש, אינ׳ם אידישן הייליקן טעמפּל. און זיי האָבן געבויט מזבחות איבער׳ן לאַנד און געהייסן די אידן מקריב זיין קרבנות פאַר די גריכישע געטער.

איינמאָל זיינען די גריכן געקומען אינ׳ם שטעטל מודיעים, זיי האָבן אויפגעשטעלט לעבן טויער פון שטאָט אַ מזבח צו זייער אָפּגאָט און זיי האָבן צונויפגעטריבן צום מזבח אַלע איינוואוינער פון מודיעים.

און אין שטעטל איז געווען אַן אַלטער מאַן, אַ כהן; מתתיהו האָט ער געהייסן. דאָס איז געווען אַ הויכער שטאָלצער מאַן מיט אַלאַנגער ווייסער באָרד. ער איז געווען איבערגעגעבן זיין פאָלק און זיין גאָט. און ער האָט

געהאַט פינף זין — הויכע שטאַרקע און שטאָלצע, ווי ער, נאָך פיל אינגער פון אים

און דער האַר פון די גריכן האָט געפרעגט: — ווער איז דער אָנגעזעהענסטער פון די כהנים ביי אייך אין שטאָט?

מען האָט אים אָנגעוויזן אויף מתתיהו׳ן

די גריכן האָבן גענומען דעם אַלטן מתתיהו און גע-פירט אים צום מזבח. און די פינף זין זיינע, פינף אייזערנע מענטשן, האָבן די ציין פאַרדריקט און שטיל נאָכגעגאַנגען נאָך זייער פאָטער, ווייל דער פאָטער האָט זיי אַזוי געהייסן.

דער האַר פון די גריכן האָט פאָרגעלייגט מתתיהו׳ן ער זאָל טאָן דעם ווילן פונ׳ם גריכישן קעניג און מקריב זיין אַ קרבן צום גריכישן גאָט. און ער האָט אים דערפאַר צוגעזאָגט מתנות. אָבער מתתיהו האָט זיך אָפּגעזאָגט און זיך אויסגעלאַכט פון די געצענדינער מיט זייערע מתנות.

דעמאָלט האָט דער גריכישער האַר אים אָנגעהויבן צו שרעקן מיט׳ן טויט. אָבער מתתיהו איז ביי זיינס פאַר-בליבן און געזאָגט: — אידן קאָנען שטאַרבן. פלוצלונג איז אַרויס איינער פון פאָלק, אַ איד, און האָט מיט אַ מעסער דערשטאָכן דעם חזיר-קרבן אויפן מזבח.

אָבער תיכף איז שוין דער מעסער געוועזן אין דער ברוסט פון דעם מענטשן, וואָס האָט דעם קרבן געבראַכט. דאָס האָט מתתיהו געטאָן.

און ער האָט דאָס מעסער פונ׳ם זינדיגענס ברוסט אַרויסגענומען, עס צום פאָלק אויפגעהויבן און אויסגע-שריגן:

— ווער עס איז פאַר דעם פאָלק און פאַר דער תורה, זאָל גיין נאָך מיר.



מתתיהו דער־הרג'עט דעם אידשן פארעטער

און פינף מענטשן, פינף ריזן, האָבן אים די ערשטע אַרומגערינגלט. דאָס זיינען געווען זיינע פינף זין. און נאָך זיי — צענדליקער און הונדערטער פון פאָלק. קיינער איז פון וויטן ניט געבליבן.

און עס האָט אויפגעפלאַקערט אַן אויפשטאַנד.

מתתיהו'ס צווייטער זון, יהודה המכבי, דער העל־דישסטער פון זיינע ברידער און פון אַלע אידן איז געוואָרן דער פירער.

נאָך אַלאַנגען קאַמף מיט די גריכן האָבן די אידן גע־זיגט. זיי האָבן אַרויסגעטריבן די גריכישע סאָלדאַטן פון לאַנד, האָבן צעבראָכן און אויסגעראַמט די גריכישע גע־טער און אויסגערייניקט דעם הייליקן טעמפּל.

די אידן האָבן זיך געפרייט מיט זייער באַפרייאונג פון דעם גריכישן יאָך און האָבן אַכט טעג נאָכאַנאַנד אַ יום־טוב געפייערט און אילומינאַציעס געמאַכט.

און צום אנדענקן פון דעם אידישן זיג, פון דער אידי־שער באַפרייאונג און פון זייער דאַמאָלסטדיקער אילומי־נאַציע מאַכן מיר אונזער יום־טוב חנוכה און צינדן אָן חנוכה ליכט.

נאָך פּ. האַלפּערן

„נייע אידישע שול“

---

ארץ ישראל, בעלי־בתים, מנהגים, בית המקדש, מזבח, קרבן, מקריב, כהן, מתנות, חזיר, תיכף, תורה, יהודה המכבי, יום טוב.

## פראַגן:

ווער זיינען געווען די בעלי־בתים אין ארץ ישראל אין דער צייט פון מתתיהו? וואָס האָבן די גריכן געוואָלט איינפירן אין ארץ ישראל? ווער, פון די אידן, האָט געוואָלט די גריכן? ווער איז געווען מתתיהו? וויפיל זין האָט ער געהאַט? וואָס האָבן די גריכן פאַרלאַנגט פון מתתיהו'ן? פאַרוואָס איז דאָס שטעטל מודיעים אַזוי באַרימט אין דער אידישער געשיכטע? ווער, פון מתתיהו'ס קינדער איז געוואָרן דער פירער פון אויפשטאַנד? ווער האָט געזיגט? וואָס דערמאָנט אונדז דער יום־טוב חנוכה?

(11.)

# די חנוכה ליכטלאַך

אָ, איר קליינע ליכטעלאַך!
איר דערציילט געשיכטעלאַך,
מעשה׳לאַך אָן אַ צאָל.

איר דערציילט פון בלוטיקייט,
בריה׳שאַפט און מוטיקייט —
וואונדער פון אַמאָל.

ווען איך זע אייך שמינקלענדיק
קומט אַ חלום פינקלענדיק
רעדט אַן אַלטער טרוים.

איד, דו האָסט געקריגט אַמאָל,
איד, דו האָסט געזיגט אַמאָל...
גאָט, דאָס גלויבט זיך קוים!

ס׳איז ביי דיר אַטאָלק געווען,
בינסט אַמאָל אַ פאָלק געווען,
האָסט אַמאָל רעגירט!

האָסט אַמאָל אַ לאַנד געהאַט,
האָסט אַמאָל אַ האַנט געהאַט —
אַך, ווי טיף דאָס רירט!

אָ, איר קליינע ליכטעלאַך,
אייערע געשיכטעלאַך
וועקן אויף מיין פיין;

טיף אין האַרץ באַוועגט עס זיך
און מיט טרערן פרעגט עס זיך,
וואָס וועט איצטער זיין?

מ. ראָזענפעלד



די גריכן דרינגן אַריין אין בית המקדש

(12.)

# אַכט ליכטלאַך

אודאי, ווילט איר, קינדער, וויסן פאַרוואָס מיר פייערן דעם יום-טוב חנוכה גאַנצע אַכט טעג און פאַרוואָס מיר צינדן יעדן אָוונט אַ חנוכה ליכטל. טאָ, הערט, אָט די שיינע מעשה׳לע:

— ווען די אידן האָבן אַרויסגעטריבן די יונים פון ארץ ישראל און אויסגערייניקט דעם טעמפּל האָבן זיי געוואָלט אָנצינדן די מנורה.

די אויל פאַר דער מנורה האָט אָבער געדאַרפט זיין כשר-אויל, צוגעגרייט פון פרוכטן אונטער דער אויפזיכט פון כהן גדול. און אַזאַ כשר-אויל איז ניט געווען, ווייל די גריכן האָבן מטמא געווען — פאַראומריינקט — אַלע אוילן.

אַ קליין אידיש אינגעלע האָט זיך געשפּילט אַרום בית המקדש און האָט געפונען אַ פאַרזיגלטע פלאַש מיט אַ ביסעלע כשר-אויל, גענוג בלויז פאַר איין טאָג.

די אידן האָבן זיך שטאַרק דערפרייט מיט דאָס ביסעלע אויל און די מנורה אין בית המקדש אָנגעצונדן. און אַ נס איז געשען: דאָס ביסעלע אויל האָט געברענט און גע-לויכטן גאַנצע אַכט טעג ביז פרישע אויל איז צוגעגרייט געוואָרן.

און צום אָנדענקען פון אָט דעם גרויסן נס פייערן מיר חנוכה אַכט טעג און צינדן יעדן אָוונט אַ חנוכה-ליכטל.

———o———

מעשה, יונים, ארץ ישראל, בית המקדש, מנורה, כשר, כהן גדול, מטמא, נס.

## פראַגן:

וואָס האָט באַלויכטן דעם בית המקדש? וואָס פאַר אַן אויל האָט מען גענוצט פאַר דער מנורה? ווער האָט מטמא געווען די כשר'ע אויל? ווער האָט געפונען אַ פאַרזיגלטע פלאַש מיט אויל? ווי לאַנג האָט דאָס ביסל אויל געברענט? פאַרוואָס צינדן מיר אַכט-אָוונטן חנוכה ליכטלאַך?



אַרום יפו

(13.)

# ליכטעלאַך

ברענען קליינע ליכטעלאַך,
שוואַך איז זייער פלאַם...
אָבער זיי דערמאָנען מיר —
מיין אַלטן יחוס-שטאַם...

חשמונאים, מאַקאַבייער —
העלדישקייט אָן צאַם;
ס׳צעברענען זיך די ליכטעלאַך,
גרעסער ווערט דער פלאַם...

קוק איך אויף די ליכטעלאַך,
קוק אויף זייער פלאַם
און אַ תפילה שעפטשע איך:
— קינד מיינס, שטאָלץ זיי מיט דיין שטאַם!

ח. גרענט

———o———



יהודה געגן די חיל פון נקנור

# טֵבֵת

(14.)

## דאָס אָנקומען פון ווינטער

אַמאָל, ווען דער רייכער וואַ-לאַ-לאַ — דער זומער — האָט זיך דאָס ערשטע מאָל דערפילט מיד, האָט ער זיך פאַרקליבן אויף די בערג. פון דאָרטן האָט ער געוואָרפן זיינע לעצטע בליקן צו דער ערד און האָט זעגנענדיג זיך אָנגערופן:

— ערד! איך מוז גיין, איך בין מיד. עס וואַרט אויף מיר אַבעט פון גאָלדענע און רויטע בלעטער, איך לאָז דיר איבער מיין זון. זי וועט דיר אויך אויף ווייטער ברענגען פאַר יעדן טאָג אַ נייעם מאָרגן, און יעדן אָוונט וועט זיך אויך אויף ווייטער איר גרויסער גאָלדערנער עק אָנטשעפּן אָן דיר און וועט דיך מיטשלעפּן אין דער וועלט פון נאַכט, אין דער וועלט פון רו און פרידן.

און וואַ-לאַ-לאַ, דער זומער, האָט זיך אַריינגעלייגט אין זיין בעט פון גאָלדערנע און רויטע בלעטער. האָבן אים די בלעטער גענומען איינדעקן, און ווען זיי האָבן אים איינ-

גאַנצן פאַרדעקט, איז צו דער ערד געקומען דער ווילדער וואָ-וואָ-הו און זיך גענומען שפּילן איבער׳ן קאָפּ פון וואַ-לאַ-לאַ דעם זומער.

ווער איז וואָ-וואָ-הו?

ער איז דער שטורעם-שפּילער. ער איז אַלאַנגער און אַ דינער. ער האָט אַ פידל און אַ סמיק. שפּילט ער — נע-מען ווינטן בלאָזן, נעמען בוימער רעדן.

און ווען די לופט איז דורכגעציטערט געוואָרן פון דעם שטורעם-שפּילער וואָ-וואָ-הו איז צו דער ערד געקומען דער ווייסער פעטער שנייער.

— ווער איז פעטער שנייער?

— ער איז דער שפּרייטער פון ווייסע ווינטער-נעצן. ער איז אַליכטיקער, ער איז אַ שטילער און אַ גוטער.

און עס איז געווען, ווען דער ליכטיקער פעטער שנייער האָט צום ערשטן מאָל איבערגעדעקט מיט זיינע ווייסע נעצן די גרויסע גרויע וועלט און די צושטערטע גיטער פון דעם רייכן זומער, האָט ער אויף די וועגן דערזען אַ קליין און הילפלאָז קינד. דאָס איז געווען קריק-קריק-פראָסט. דער גוטער פעטער שנייער האָט דאָס קינד אָנגענומען ביים הענטל און געפרעגט:

— ווער ביסטו קינד?

קריק-קריק-פראָסט האָט נאָך אָבער רעדן ניט גע-קאָנט. האָט אים דער פעטער שנייער גענומען אויף זיינע הענט און געבראַכט צו זיך אין הויז. ער האָט אים געגעבן

ברויט און זאלץ און פּאָטער-ליבע, איז פראָסט פון דעם געוואַקסן, ביז ער איז גרויס און שטארק געוואָרן, ביז זיין אָטעם האָט גענומען אָפּשטעלן טייכן, באַהערשן דערפער און פעלדער און שטעט.

ד. איגנאַטאָוו



ווינטער

(15.)

# טבת

טבת איז דער פערטער אידישער חודש און דער ערשטער ווינטער חודש. די ערשטע דריי חדשים זיינען: תשרי, מרחשון און כסלו.

דער מאָנאַט טבת פאַנגט אָן דעם ווינטער-סעזאָן אָדער תקופת החורף ווי עס הייסט אין העברעאיש.

ווינטער. ס'איז קאַלט. פעטער שנייער איז געקומען און באַדעקט די הייזער, די ביימער, די פעלדער און וועלדער מיט אַ ווייסן פוכיקן שניי. אַלץ איז באַזילבערט און זעט אויס ווי איינגעדעקט מיט אַ ווייסער קאָלדרע.

שניי און פרעסט ברייננגט מיט זיך דער ווינטער אָבער אויך גענוג פרייד פאַר קינדער. קינדער שפּילן זיך מיט שניי, מאַכן שניי-מענטשן און גליטשן זיך אויפן גלאַטן, קלאָרן זילבערנעם אייז.

———o———

---

טבת, חודש, תשרי, חשון, כסלו, תקופת החרף.

———o———

### פראַגן:

ווי הייסט דער פערטער חודש? וואָס מיינט תקופת החורף?
ווי הייסן די ערשטע דריי חדשים?

(16.)

# ווינטער ווייסקייט

נייע וועלטן, ווייסע וועלטן,
ווייס דער הימל, ווייס די ערד;
אַלץ איז איינגעהילט אין ווייסקייט,
אַלץ זעט אויס אַזוי פאַרקלערט...

ווי באַזילבערט — ווייסע בוימער,
ווייס די הייזער, ווייס דער דאַך;
און די קינדער אין די גאַסן
לויפן מיט אַ שמייכל מיט אַ לאַך...

ווייסע פעלדער אויסגעשפרייטע
און דאָס ווייסקייט — אַזאַ פּראַכט!
פענצטער בלומען, ווייסע בלומען
האָט דער ווינטער אונדז געבראַכט.

ווייסע וועגן, ווייסע שטעגן,
ווייס איז אונזער קינדער-וועלט;
און דאָס ווייסקייט שלעפּט און רופט אונז:
אינדרויסן קינדער, האָט ניט מורא פאַר ס׳קעלט.

טוט נאָר אָן געשווינט די שליזגעס
און כאַפּט אַ טענצל אויפן אייז;
ס׳איז דער טאָג ווי שטענדיק ווייסער
און די נאַכט וועט אויך זיין ווייס...

ווייסע וועגן, ווייסע שטעגן
ווייס און ווייס און ווייס;
ס׳וועט די רויטע זון אַשיין טאָן
און צושמעלצן וועט דאָס אייז...

ח. גרענט

(17.)

# עשרה בטבת

עשרה בטבת — צען טעג אין חודש טבת — איז אַ תענית, אַ פאַסט-טאָג. אידן פאַסטן דעם גאַנצן טאָג.

דער אידישער קאַלענדאַר האָט פיר פאַסט-טעג, וועלכע דערמאָנען אונדז אָן אונזער לאַנד, ארץ ישראל און אָן אונזער בית המקדש.

די פיר פאַסט-טעג זיינען: עשרה בטבת, שבעה עשר בתמוז, תשעה באב און צום גדליהו.

עשרה בטבת — צען טעג אין חודש טבת — האָט זיך אָנגעפאַנגען דער קאַמף אַרום ירושלים, וואָס האָט געפירט צו דער פאַרוויסטונג פון ירושלים און פאַרניכטונג פון בית המקדש.

דעריבער איז עשרה בטבת אַ פאַסט-טאָג, אַ תענית.

———o———

---

עשרה בטבת, חודש, ארץ ישראל, בית המקדש, שבעה עשר בתמוז, תשעה באָב, צום גדליהו, ירושלים, תענית.

———o———

## פראַגן:

וואָס מיינט עשרה בטבת? וואָס מיינט תענית? וויפיל פאַסט-טעג, האָט דער אידישער קאַלענדאַר, וואָס דערמאָנען אונדז אָן ארץ ישראל? פאַרוואָס איז עשרה בטבת אַ פאַסט-טאָג?

# שְׁבָט

(18.)

## שבט

שבט איז דער פינפטער אידישער מאָנאַט און דער צווייטער ווינטער חודש. די ערשטע פיר חדשים זיינען: תשרי, מרחשון, כסלו און טבת.

שבט. דער ווינטער האָט זיך שוין איינגעבירגערט, געוואָרן היימיש און איז גאַנצער בעל-הבית: ער טוט וואָס אים געפעלט...

און דער באַרימטער אידישער דיכטער ש. פרוג שילדערט אָט-אַזאַ ווינטער בילד:

— עס גייט אַרום דער אַלטער פראָסט, וואַלד אויס, וואַלד איין, פון פעלד צום טייך, פון באַרג צום טאָל; ער באַקוקט זיינע גיטער, ער באַקוקט זיין טויט-פאַרוויגטע מלוכה. און צופרידן איז דער פראָסט פון זיין אַרבעט: וואָס נאָר ער זעט איז פאַרשמידט אין שווערע קייטן, אַלץ איז פאַרפראָרן און פאַרשנייט. אפילו די וואַסערפאַלן

זיינען אויך פאַרקלעמט אין טויטע ראַמען פון בלויען אייז און ווייסן שניי. די זון איז מאַט און רואיק, אַלץ ליגט פאַר־שטיינט און פאַרגליווערט. עס פינקלט נאָר און בליצט די נאָרד־שיין, די קאַלטע, טויטע ווינטער קרוין.״

———o———

שבט, חודש, תשרי, חשון, כסלו, טבת, שבט, בעל־הבית, מלוכה.

———o———

## פראַגן:

דער וויפילסטער חודש איז שבט? ווי הייסן די פינף חדשים? ווער איז געווען ש. פרוג?

(19.)

# שבט־ליד

די ערד איז ווייס, דער הימעל בלא,
און אין דער ווייסקייט שפאַנט אַ מענטש,
אַ קליינער, שוואַרצער מענטש,
און דאָס בין איך.
איך שפאַן פאַמעלאַך — צייט איז דאָ;
אי דאָ, אי דאָרט איז ווייס און בלאָ,
דער ווייכער שניי פאַרשרייבט די טריט;
איך גיי!

ז. שניאור

(20.)

# אויפ'ן גליטש

אויפ'ן אייז רינג גליטשן זיך שוין חברה, פרישע, יונגע, טומלען, לויפן, שוועבן איבער'ן אייז. און עס קומען נאך אן אלץ נייע און נייע, זעצן זיך צו אויף די ביינק, וואס ארום ברעג, און טוען אויף גיך אן די שטאלענע גליטשערס, און ווארפן זיך אויפ'ן אייז.

אז מען גליטשט זיך דורך דעם ערשטן ראנד, ווערט מיט אמאל ווארעם. ווארפט מען פון זיך אראפ די אויבערשטע ווינטער-קליידער און מען דערפילט מיט אמאל אזוי לייכט, אזוי פארגעניגענדיק גרינג, כאטש פלי!

לאזט מען זיך פליען איבער'ן אייז, אויף די גוט געשארפטע, בלאנקע גליטשערס. מען נעמט זיך טראגן שנעל און שנעלער, איינער הינטער די אנדערע, איינע פאר די אנדערע, און ווער גאר צוזאמען: איינער אן דעם צווייטן, איינער אן דעם צווייטן, אין אלאנגער דירעוודיקער קייט, וועלכע טראגט זיך שנעל און האסטיק. און ווער עס גליטשט זיך האנט און האנט אין דער ברייט, ווי א לעבעדיקער פארקאן.

אט האט עפעס איבער'ן אייז לויז אקלונג געטאן. דאס איז ביי א מיידל, אינמיטן יאגן זיך מיט איר חבר'טע, ארונטערגעפאלן איין גליטשער. דאס מיידל פאלט. די חבר'טע פרואווט זי אונטערכאפן און גליטשט זיך אליין אוים, איין מאל אצווייטן מאל און לאזט דערביי אפאר מאל ארויס א קוויטש, צולאזט די הענט אין דער לופט און קאן קוים זיך האלטן אויף די פיס.

דער פראסט ברענט. באלד אבער נעמט ציען אווינט. עס ווערט לינדער, און עס נעמען פאלן פוכקע,

ווייסע שנייען: דאָס האָט דער פעטער שנייער זיך גענו-
מען שפּרייטן זיין נעץ.

די גליטשערס נעמען זיך יאָגן פלייסיקער און ווערן
אַלץ מערער פאַרפלאָנטערט אין דער ווייסער נעץ. עס
ווערט שווער צו זען עטוואָס ווייטער פון זיך. לויפסט,
לויפסט, און פון דער ווייסער נעץ איז זיך ניט אַרויסצורייסן!

שוין צייט אַהיים צוגיין. אָבער פאַר׳ן אַוועקגיין ווערט
דער גליטש-פלאַץ ליבער, בעט זיך ממש ביי יעדן: —
נעם, כאַפּ אַריין נאָך אַ גליטש! נאָך אַמאָל גליטש זיך
דורך דעם גאַנצן ראַנד! גוט? טו עס נאָך אַמאָל! — קום
אָט אין יענער זייט, צו די ביימער — דאָס אייז איז דאָרט
אַזוי גלאַט! — ס׳איז אַנטקעגן ווינט? נו, איז וואָס? עס איז
דאָך נאָך בעסער, העלדישער! און דערפאַר צוריקוועגס
טראָגט עס דאָך ווי אויף פליגלען.

דאָך ווערט דער עולם שיטערער: מען מוז מאָרגן פרי
אויפשטיין. עס ווערט אַלץ לעבעדיקער, פוסטער, און דעם
ווינט ווערט פון דעם אַלץ גראַמער, היימליכער, און ער
נעמט זיך אָפּקערן דעם שניי פון אייז, קערט ווי מיט בריי-
טע, ווייכע בעזימער. עס הויבט זיך אויף אַ שטויב און
טראָגט זיך מיט אַלייכטן בייזער.

און אָט האָט ערגעץ אַ פּאָליסמאַן צוגעלייגט זיין פייפל
צום מויל און אַרויסגעלאָזן אַ לאַנגן פייף. און באַלד האָבן
אויך אַלע אַנדערע פּאָליסלייט, וואָס אויף דער וואַך אַרום
אייז, גענומען פייפן. עס האָט זיך צוטראָגן אַ טומעלדיק
פייפן אין דער נאַכט און האָט זיך גענומען ציען איבער
אַלעמענ׳ס קעפּ און געשמיסן ווי מיט בייטשן.

— אַהיים! אַהיים! אַ — היים!

דוד איגנאַטאָוו

---

**חברה, חבר, ממש.**

(21.)

# פעטער שנייער

פוך און פוך, און ווידער פוך ...
מיט אַ ווייסן, קלאָרן טוך
דעקט זיך איין דאָס שטעטל.
היי, דער פעטער שנייער פאַלט!
אויפ'ן פעלד און אויפ'ן וואַלד
בעט ער אוים זיין בעטל.

ס'פליט דער קאַלטער שניי און פליט ...
דער וואַלד, דער אַלטער, האָט פאַרבליט,
פול מיט ווייסע בליטן.
יעדעס צווייגל, שימערט, גליט.
פעטער שנייער ווערט ניט מיד,
ווערט ניט מיד צו שיטן.

ערד און הימל שטייען קלאָר.
מער נישט ראבן שוואַרצע נאָר
פליען אום אין מיטן,
זאָגן אָן אויף יעדן אָרט,
אַז דער פעטער שנייער פאָרט
אויף זיין גרויסן שליטן.

ד. איינהאָרן

(22.)

# חמשה עשר בשבט

חמשה עשר בשבט — פופצן טאָג אין חודש שבט — איז ראש השנה לאילנות, דער ראש השנה פון די בוימער.

חמשה עשר בשבט פאַנגט אָן דעם פרילינג אין אונזער לאַנד, ארץ ישראל, און די בוימער הויבן אָן צו בליהען.

און כדי צו דערמאָנען זיך אָן אונזער לאַנד, עסן מיר, חמשה עשר, אַלערליי פרוכטן, וועלכע וואַקסן אין ארץ ישראל.

אידישע קינדער אין ארץ ישראל, גייען חמשה עשר בשבט, אין די פעלדער און גערטנער און פלאַנצן בוימער. די אידישע קינדער אין גלות לענדער דאַרפן אויך זאַמלען געלד און פלאַנצן דאָרטן בוימער דורכ׳ן קרן קימת לישראל, דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד.

———o———

---

חמשה עשר בשבט, ראש השנה לאילנות, ארץ ישראל, כדי, קרן קימת לישראל.

### פראַגן:

וואָס מיינט חמשה עשר בשבט? וואָס מיינט ראש השנה לאילנות? ווען פאַנגט זיך אָן דער פרילינג אין ארץ ישראל? וואָס פאַר אַ פרוכטן עסן מיר חמשה עשר? וואָס טוט דער קרן קימת לישראל?



פרוכט

(23.)

# חמשה עשר ליד

אַ גרוס דיר, אַלטער טונקעלער וואַלד!
אַ גרוס דיר, גרינער פּירות גאָרטן!
אין ווייטן לאַנד, אויף יענער זייט
פון ברעג און ימים, ערגעץ דאָרטן.

פון וואַן ס׳גייט אויף צו אונדז די זון,
און שמעלצט אין גאָלד דעם הייסן זומער,
איז יום-טוב — ניי-יאָר היינט ביי אייך...
אַוועק פון מיר, מיין פּיין, מיין קומער!

עס ברענט דער פראָסט, די גאַנצע גאַס
איז ביז די קני מיט שניי פאַרשאָטן;
און ס׳פילט זיך דאָך אַ זיסער שיין,
וואָס גיסט זיך דורך דעם ווינטער-שאָטן...

אַ זיסע וואַרעמקייט פילט אָן
די יונגע הערצלאַך... מיר לויפן,
מיר פליען, פול מיט זאָרג און פרייד,
חמשה-עשר-כיבוד קויפן.

ש. פרוג

---

חמשה עשר, פּירות, ימים, יום טוב, כיבוד.

(24.)

# חמשה עשר בשבט

חמשה עשר, ראש השנה ביי די בוימער אין ארץ ישראל, אין דער וואונדערשיינער ארץ ישראל. הויך-הויך איז איך הימל און לויטער און לאַכעדיק וואַרעם קוקט ער אויף די מענטשן אַראָפּ. אין ערגעץ זיינען ניטאָ אַזעלכע קלאָרע נעכט ווי אין ארץ ישראל; אין ערגעץ כשופ׳ט ניט אזוי די נאַכט-לופט ווי איבער די בערג פון יהודה; אין ערגעץ זעט מען ניט אַזוי בעשיינפּערלאַך יהושע בן נון׳ס פּנים אין דער לבנה און אין ערגעץ זיינען די שטערן ניט אַזוי גרויס, און אַזוי רעדעוודיק ווי דאָרטן.

היינט די טעג! ווי העל און שטיל און זיס שיינט די די גינגאָלדענע זון פון לויטערן הימל אַראָפּ. און ווי לויטער און צאַרט און דורכזיכטיק איז די לופט, וואָס הויערט איבער די בערג און טאָלן, איבער די פליינען און אָפּגרונטן, איבער די אָזערָעס און טייכן, איבער די שומנע הויכע פעלזן און נביאיש הארכענדיקע חורבות, איבער די לאַנקעס און פעלדער, איבער די איינזאַם דרעמעלדיקע בוימלאַך אויפ׳ן מיטן וועג. אַלץ ווי אויף דער האַנט, אַלץ דייטלאַך איבערצוציילן און אָנצורירן אַזוי ווי אין חלום.

און געבענטשט איז דאָס לאַנד, וואָרום קיינמאָל איז אין איר קיין ווינטער ניטא, קיין פרעסט און קיין שנייען. און ווען אומעטום איז ווינטער זיינען דאָ נאָר ימות הגשמים, רעגן-טעג.

און פרי הויבט זיך דאָ דער פרילינג אָן, און פרי לאָזט זיך הערן דעם פרילינג׳ס קול מבשר אין דעם ראש השנה לאילנות, אינ׳ם פופצענטן טאָג אין חודש שבט.

און דאָס איז דאָס בוימערשע ניי-יאָר געווען, דער ראש השנה לאילנות, וואָס איז אַזוי טייער געווען אונזערע אבות, וואָס האָבן נאָך ווי דורכן חלום געדיינקט די יאָרן ווען ביידע, סיי די מענטשן און סיי די בוימער האָבן פון איין זאַפט געטרונקען, אונטער די זעלבע שטראַלן זיך געוואַרעמט.

ווייט זיינען מיר פון ארץ ישראל און לאַנג פון יענע צייטן. אָבער מיר טראָגן זיי ביידע טיף אין געדעכעניש.

און ווען אין קאַלטן צפון שטייען די בוימער ערשט אין בליהונג, פייערן מיר שוין דעם חג הבכורים, שבועות. און ווען אַרום אונדז שטורעמען ווינטן און דרייען זאַווע-רוכעס, בעטן מיר אויף רעגן. און ווען דער בייזער שטו-רעם-ווינט פייפט און קייכט אונטער אונזער פענצטער און דער פראָסט קנאַקט, און דער שניי-שטורעם שמייסט, מאַכן מיר ברכה אויף ארץ ישראל׳דיקע פירות און פייערן דאָס ניי-יאָר, דעם פרילינג פון בוימער אין ארץ ישראל.

י. ע. (פון אידישן קוואל)

---o---

חמשה עשר, ראש השנה לאילנות, ארץ ישראל, כשוף, יהודה, יהושוע בן-נון, לבנה, חלום, ימות גגשמים, קול מבשר, אבות, צפון, חג הבכורים, שבועות, ברכה, פירות.



פרוכט



ח. נ. ביאַליק

(25.)

# מיין גאָרטן

וויל׳ט איר אפשר זיין אַ בעלן
אָנקוקן מיין שיינעם גאָרטן —
זייט־זשע מוחל, קומט אַרויס,
קוקט אים אָן — אָט שטייט ער דאָרטן.

אָן עין הרע גרויס און רייך —
כ׳זאָג אייך, איינער אינם שטעטל.
זעט נאָר, ווי עס קוועלט אין אים
יעדער בוים און יעדעס בלעטל.

אויסגעצוואגן פון דעם טוי,
פון די שטראַלן אויסגעבאדן,
שטייען בוימער אַלערליי
מיט די פּירות אָנגעלאָדן.

שווערע עפּל, רויטע עפּל
בייגן צו דער ערד די צווייגן,
און די באַרן זעט נאָר באַרן —
הענגען שטיל זיך. דאָרט און שווייגן.

שוואַרצע ווינשל בלינצלען עפּעס
ממזר׳יש, גנבֿ׳יש, ווי מיט אויגן;
נו, און פלוימען — אָט די פלוימען —
מיט אַ בלויען הויך באַצויגן.

יאָ, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען,
כ׳האָב אַ רייכן, שיינעם גאָרטן!
אָן עין-הרע אָנגעפּאַקט
פּירות פרוכט מכל הסאָרטן.

ח. נ. ביאַליק

---

אפשר, בעלן, מוחל, עין הרע, גנבה, פּירות.

(26.)

# שבת שירה

דער שבת, ווען מען לייענט אין די שולן די סדרה בשלח, וואו עס ווערט דערציילט ווי אזוי די אידן זיינען אריבער דעם ים-סוף בשלום הייסט — שבת שירה.

דער שבת הייסט „שבת שירה", ווייל בעת די אידן זיינען אריבער דעם ים-סוף בשלום האבן זיי געזונגען א לויב-געזאנג צו גאט. זיי האבן געזונגען דעם בארימטן ליד „אז ישיר" וואס געפינט זיך טאקע אין דער סדרה בשלח.

עס זיינען פאראן נאך פיר שבתים מיט באזונדערע נעמען. זיי זיינען:

א. „שבת שובה", דער שבת פון „אומקערן" זיך צו גאט, ווען מען לייענט די ווערטער פון נביא הושע — שובה ישראל.

ב. „שבת הגדול", דער גרויסער שבת בעפאר דער אידישער באפרייאונג.

ג. „שבת חזון" דער שבת ווען מען לייענט די נבואה פון נביא ישעיהו — חזון ישעיהו.

ד. „שבת נחמו", דער שבת פון טרייסט, ווען מען לייענט די טרייסט ווערטער פון נביא ישעיהו נחמו, נחמו עמי.

„שבת שובה“ איז דער שבת בעפאָר יום כפור.
„שבת הגדול“ איז דער שבת בעפאָר פסח.
„שבת חזון“ איז דער שבת בעפאָר תשעה באב.
„שבת נחמו“ איז דער שבת נאָך תשעה באב, און
„שבת שירה“ איז דער שבת ווען מען לייענט די סדרה בשלח.

---o---

שבת שירה, סדרה, בשלח, בשלום, ים-סוף, אָז-ישיר, שבת שובה, שבת הגדול, שבת חזון, שבת נחמו, נביא, נבואה, חזון, שובה ישראל, נחמו, פסח, יום-כפור, תשעה באָב, בעת, ישעיהו, הושע.

---o---

## פראַגן:

וועלכער שבת איז שבת-שירה? וועלכן ליד האָבן די אידן געזונגען בעת זיי זיינען אַריבער דעם ים-סוף בשלום? אין וועלכער סדרה געפינט זיך אָז-ישיר? פאַר וואָס הייסט דער שבת בשלח שבת-שירה? וויפיל שבתים זיינען דאָ מיט באַזונדערע נעמען? ווען איז שבת-שירה? ווען איז שבת חזון? ווען איז שבת-נחמו? ווען איז שבת הגדול? ווער איז געווען ישעיהו? ווער איז געווען הושע? וואָס מיינט שבת-שירה? וואָס מיינט שבת-שובה? וואָס מיינט שבת-הגדול? וואָס מיינט שבת-נחמו?



ליכט - בענטשן

(27.)

# שבת

אַוואָך האָט זיבן טעג. די טעג הייסן: זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך, דאָנערשטיק, פרייטיק און שבת.

שבת איז דער זיבעטער טאָג. שבת איז אַ הייליקער טאָג, אַ רו-טאָג. די תורה זאָגט אונדז אָן: „געדיינק און היט אָפּ דעם טאָג פון שבת און האַלט אים הייליק. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן. און דער זיבעטער טאָג איז שבת, אַרו-טאָג. זאָלסט ניט טאָן שבת קיין מלאָכה, ניט דו, ניט דיין

זון און טאָכטער, ניט דיין דינער און דינסט, ניט דיין אָקס און אייזל, ניט דער פרעמדגעבוירענער, וואָס וואוינט אין דיין לאַנד.״

אין העברעאיש הייסן די טעג פון וואָך: יום ראשון, יום שני, יום שלישי, יום רביעי, יום חמישי, יום ששי און יום שבת.

אַ איד וואָס רוט און היט אָפּ שבת הייסט אַ שומר שבת. אין אונזער לאַנד, ארץ ישראל, קאָנען אַלע אידן זיין שומרי-שבת.

פרייטיק ביינאַכט, ווען מען קומט פון שול מאַכט מען קידוש איבער וויין אָדער חלה. שבת ביינאַכט אָדער מוצאי-שבת מאַכט מען הבדלה איבער וויין.

---

שבת, שומר שבת, יום ראשון, יום שני, יום שלישי, יום רביעי, יום חמישי, יום ששי, מלאכה, קידוש, מוצאי-שבת, הבדלה.

## פראַגן:

וויפיל טעג האָט אַ וואָך? ווי הייסן די טעג? ווי הייסן די טעג אין העברעאיש? וויפיל וואָכן איז דאָ אין אַ חודש? וויפיל חדשים האָט אַ יאָר? דער וויפילסטער יאָר איז דער אידישער? וועלכער טאָג איז אַ רו-טאָג? פאַרוואָס הייסט דער זיבעטער טאָג-שבת? אין וויפיל טעג האָט גאָט באַשאַפן די וועלט? ווען האָט גאָט גערוט? וואָס הייסט אַ שומר שבת? אין וועלכער לאַנד איז שבת דער אָפיציעלער רו-טאָג?

(28.)

# זיבן גוטע יאָר

דאָס איז אַ געשיכטע, וואָס איז געשען אין טורבין.

אין טורבין איז געווען אַמאָל אַ טרעגער, האָט ער גע־הייסן טוביה און איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן. איינמאָל, דאָנערשטיק, שטייט ער אַזוי אין מאַרק, מיט די פּאָלעס פאַרשאַרצט אונטערן שטריק אויף די לענדן, און קוקט אויס, פון וואַנען עס וועט קומען זיין הילף, ער זאָל פאַר־דינען עפּעס אויף שבת. און דאָ שטייען די געוועלבן אַרום און אַרום ליידיק. אין יוצא ואין בא, מען זעט נישט, עס זאָל עמיצער קומען סחורה קויפן, עס זאָל זיין וואָס אָפּצו־טראָגן. הויבט ער, נעבאַך, אויף די אויגן צום הימל מיט אַ געבעט, ער זאָל, חלילה, קיין פאַרשטערטן שבת ניט האָבן, און זיין ווייב סערל מיט די קינדער זאָלן, חס ושלום, נישט הונגערן אום שבת.

ווי ער איז אַזוי מתפּלל, דערפילט ער, אַז עמיץ גיט אים אַצי פאַר דער פּאָלע. קוקט ער זיך אום, זעט ער פאַר זיך אַ דייטשל, אָנגעטאָן ווי אַ שיסער אין וואַלד, מיט אַ פּעדער אויפן קאַפּעלושל און אַ גרינעם ·אויפלאַג אויפן שפּענצער. און דאָס דייטשל זאָגט צו אים אויף ריין דייטש, וואָס מיר זעצן איבער אויף אידיש, מיט די ווערטער:

— הער, טוביה, דיר איז באַשערט געוואָרן זיבן גוטע יאָר, זיבן יאָר פון מזל און הצלחה, און אוצרות געלט. ווענדט זיך עס אָבער אָן דיר, ווען דו ווילסט האָבן די גוטע

יאָר. ווילסטו, — וועט דיך אויפשיינען דיין מזל נאָך דעם היינטיקן טאָג, און איידער עס וועט אונטערגיין די זון, וואָס שטייט דיר איבערן קאָפּ, וועסטו קאָנען אָפּקויפן גאנץ טורבין מיט דער סביבה, אָבער נאָך זיבן יאָר וועסטו צוריק ווערן אַן אָרימאַן, ווי דו ביסט געווען. און ווילסטו, — וועט די גוטע, געבענטשטע צייט קומען ערשט צום סוף פון דיינע יאָרן, און דו וועסט אַוועקגיין פון דער וועלט דער גרעסטער גביר.

גערוען איז עס, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אליהו הנביא, וואָס האָט זיך, ווי זיין שטייגער איז, אין אַ דייטשל פאַרשטעלט. טוביה אָבער האָט געמיינט, אַז עס איז, להבדיל אלף אלפי הבדלות, אַ פּראָסטער כשוף-מאַכער, ענטפערט ער אים:

— מיין ליב דייטשל, לאָז דו מיך געמאַך, וואָרים איך בין, ניט פאַר דיר געדאַכט, אַ גרויסער עני ואביון, איך האָב אויף שבת ניט, און איך האָב דיר ניט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דיינע עצות מיט דיין טרחה.

אַז דאָס דייטשל האָט אים אָבער ניט אָפּגעלאָזט און איבערגע׳חזר׳ט אים די ווערטער איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל, איז עס טוביה׳ן שוין אַריין אין קאָפּ, ענטפערט ער אים:

— ווייסטו וואָס, ליב דייטשל, אויב דו מיינסט עס ערנסט מיט מיר און ביסט ניט קיין לועג לרש, און דו פרעגסט מיך באמת, מוז איך דיר זאָגן, אַז איך בין מיך נוהג, ביי יעדער זאַך, וואָס קומט מיר פאָר, זיך אַן עצה צוהאַלטן מיט מיין ווייב סערל און אָן איר קאָן איך דיר קיין קלאָרע תשובה ניט געבן.

זאָגט אים דאָס דייטשל, אַז עס איז זייער אַ גוטע זאַך, זיך אַן עצה צוהאַלטן מיט דער פרוי, און ראט אים, ער זאָל גיין פרעגן, און ער, דאָס דייטשל הייסט עס, וועט דאָ שטיין און וואַרטן אויף אַ תשובה.

טוביה קוקט זיך נאָך אַמאָל אום אין אַלע זייטן, קיין פאַרדינסט זעט ער ניט, טראַכט ער זיך, וואָס ער קאָן דאָ אָנווערן, ער וועט אַהיים גיין פרעגן. לאָזט ער אַראָפּ די פּאָלעס און גייט אַרויס אונטער דער שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט, כמעט שוין אויפ׳ן פעלד, אין אַ ליימען שטיבל, איבערשמועסן זיך מיט סערל זיין ווייב.

ווי סערל האָט אים דערזען דורך די אָפענע טיר (עס איז זומער געווען), איז זי אים אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן מיט גרויס שמחה, זי האָט געמיינט, אַז ער ברענגט איר אַן התחלה אויף שבת, זאָגט ער איר אָבער:

— מיין סערל, זיין ליבער נאָמען האָט מיר נאָך קיין פאַרדינסט ניט באַשערט, דערפאַר אָבער איז צו מיר גע-קומען אַ דייטשל...

און ער דערציילט איר אַזוי און אַזוי, באשר בכן, דאָס דייטשל זאָגט, אַז עס זיינען אים באַשערט זיבן גוטע יאָר, און עס ווענדט זיך אָן אים, ווען די גוטע יאָר זאָלן קומען, אַצינד אָדער פאַר דער פּטירה, פרעגט ער ביי איר אַן עצה: ווען?

טראַכט סערל ניט לאַנג און ענטפערט אים:

— גיי מיין ליבער מאַן, און זאָג דעם דייטשל, אַז דו ווילסט די זיבן גוטע יאָר אויף דער רגע!

— פאַרוואָס, סערל? — פרעגט טוביה פאַרוואונדערט.

— נאָך זיבן יאָר, וועלן מיר דאָך ווערן צוריק אָרעמע

לייט, און דעם יורד איז דאָך ערגער, ווי אַ פּראָסטן אָרימאַן?

— פאַרזאָרג ניט, מיין ליבער גוטער פריינד, די וועלט. דערוויל נעם וואָס מען גיט דיר און זאָג: ברוך ה׳ יום יום! בפרט, אַז מען דאַרף חדר-געלט פאַר די קינדער. מען האָט זיי מיר אַהיים געשיקט, אָט זע, ווי זיי שפּילן זיך אין זאמד.

דאָס איז גענוג געווען, טוביה זאָל צוריק לויפן צום דייטשל מיט אַ קלאָרע תשובה, אַז ער וויל די זיבן גוטע יאָר תוך כדי דבור. זאָגט אים דאָס דייטשל:

— רעכן נאָר איבער, טוביה, היינט ביסטו אַ מענטש מיט כח און קאָנסט פאַרדינען, אַמאָל מער, אַמאָל ווייני-קער... וואָס וועט אָבער זיין שפּעטער, אַז דו וועסט עלטער ווערן און וועסט זיין אַ יורד, און אַזויפיל כח צו דער אַרבעט וועסט דו אויך ניט האָבן.

ענטפערט טוביה:

— הער, דייטשל, מיין ווייב סערל וויל באַלד. ערשטנס, זאָגט זי, ברוך ה׳ יום יום און הייסט אויף שפּע-טער ניט זאָרגן, און צווייטנס, האָט מען אונדז די קינדער פון חדר אַהיים געשיקט...

— אויב אַזוי׳ — זאָגט אים דאָס דייטשל, גיי אַהיים, און איידער דו וועסט קומען אין שטוב אריין, וועסטו זיין אַן עושר!

וויל ער אים פאָרט איבערפרעגן וועגן נאָך די זיבן יאָר, איז אים אָבער דערוויל דאָס דייטשל פאַרשוואונדן געוואָרן.

גייט ער, טוביה אַהיים. געוואוינט, האָבן מיר שוין געזאָגט, האָט טוביה אונטער דער שטאָט, כמעט אויפן

פרייען פעלד. קומט ער צו, צו דער שטוב, זעט ער, ווי די קינדער שפּילן זיך הינטער דער שטוב אין זאַמד. גייט ער צו, דערזעט ער, אז זיי שאַרן אַרויס פון אַ גריבל ניט קיין זאַמד, נאָר ריין גאָלד, טאַקע זהב טהור... פאַרשטייט זיך, אַז מער האָט מען ניט געדאַרפט, עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די זיבן יאָר, די זיבן מזל'דיגע יאָר...

———o———

די צייט לויפט אָבער פייל פון בויגן און זיבן יאָר גייען אַריבער געשווינט. קומט נאָך די זיבן יאָר דאָס דייטשל צו טוביה'ן אים אָנצוזאָגן אַז די זיבן יאָר זיינען אַריבער און אַז היינט פאַרנאַכט וועט נעלם ווערן דאָס גאָלד-אין דער ערד, דאָס גאָלד אין שטוב און אפילו דאָס גאָלד, וואָס זיי האָבן געקאָנט באַהאַלטן ביי לייטן...

טרעפט ער טוביה'ן ווי ער שטייט אין מיטן מאַרק, ווי פאַר זיבן יאָר, מיט די זעלבע פאַרשאַרצטע פּאָלעס אונטער די לענדן און קוקט אויס אויף אַ פאַרדינסט. זאָגט ער אים: הער טוביה, די זיבן יאָר זיינען אַריבער!

ענטפערט אים טוביה: גיי זאָג מיין ווייב סערל, ווייל דאָס עשירות איבער די גאַנצע זיבן יאָר איז געווען ביי איר אין דער האַנט.

גייען זיי ביידע אַרויס אונטער דער שטאָט און קומען צום זעלבן ליימענעם הייזל אויפ'ן פעלד און טרעפן סערלן פאַר דער טיר. און זי איז אויך אָרעם געקליידעט ווי אַמאָל, נאָר איר פּנים שמייכלט.

זאָגט איר דאָס דייטשל מיט די זעלבע ווערטער, אַז די זיבן גוטע יאָר זיינען אַוועק.

ענטפערט זי אים, אַז זיי האָבן קיין גוטע יאָר נאָך ניט אָנגעהויבן צו האָבן, אַז זיי האָבן קיינמאָל ניט געהאַלטן דאָס גאָלד פאַר זייער אייגנס, ווייל, וואָס אַ מענטש פאַר-דינט מיט זיינע צען פינגער, דאָס איז זיינס, און אַזוי עשירות, וואָס קומט אָן שוויים און אומגעזוכט, איז נאָר אַ פּקדון, וואָס זיין ליבער נאָמען לאָזט איבער ביי מענטשן אין די הענט פאַר אָרימע לייטס וועגן... זי האָט נאָר פון גאָלד אַף שכר-למוד גענומען, דאָס איז גאָטס תורה, מעג מען פאַר זיין תורה מיט זיין גאָלד צאָלן, מער ניט! און אויב זיין ליבער נאָמען.האָט פון היינט אָן אַ בעסערן בעל פּקדון פאַר זיין געלד, מהיכא תיתא, זאָל ער צונעמען און איבערגעבן אַן אַנדערן!

אליהו הנביא האָט עס אויסגעהערט און איז נעלם גע-וואָרן. ער האָט עס איבערגעגעבן דעם בית-דין של מעלה, און דער בית-דין של מעלה האָט גע'פּסק'נט, אַז עס איז קיין בעסערער בעל פּקדון ניט פאַראַן, און די זיבן יאָר האָבן זיך ניט אויסגעלאָזט כל-זמן טוביה און זיין ווייב סערל האָבן געלעבט.

———o———

שבת, יוצא, בא, אין יוצא ואין בא, סחורה, חלילה, חס ושלום, מתפּלל, מזל, הצלחה, אוצר — אוצרות, סביבה, גביר, להבדיל, אלף אלפי הבדלות, כשות, עני ואביון, עצה — עצות, טרחה, לועג לרש, אמת, נוהג, תשובה — תשובות, שמחה, התחלה, באשר בכן, פּטירה, יורד, ברוך ה׳ יום יום, תוך כדי דבור, כח, כמעט, עשירות, פּקדון, שכר-למוד, בעל פּקדון, מהיכא תיתא, נעלם, אליהו הנביא, בית דין של מעלה.

(29.)

# שבת־ליכט

שבת - ליכט און שבת לאָמפּן,
א, ווי זים איז אייער שיין!
וויפיל ברייננט איר טרייסט דעם אידן,
און זיין עלענד, און זיין פּיין!

קומט צו אונדז דער שבת קודש,
ווי עס ווערן ליכט געבענטשט,
באַלד אַנטלויפט די מרה - שחורה,
און מען ווערט אַ נייער מענטש!

ה. היינע
(פון „נייע אידישע שול")

---

שבת, שבת קודש, מרה - שחורה.

---

(30.)

# שבת בין־השמשות

עס גייט שוין אַוועק זיך
דער הייליקער שבת;
און שטיבל ווערט פינצטער,
און שטיבל ווערט שטיל.

עס שעפּטשעט די מאַמע:
„אַך, גאָט פון אברהם!"
זי שעפּטשעט די תפילה
מיט האַרץ און געפיל.

„אַך, גאָט פון אברהם,
פון יצחק און יעקב,
פאַרנעם דאָך מיין תפילה
אין הימלס געצעלט
און שיק מיר פרנסה,
און ריכט אויף מיין מזל
און ליכטיק זאָל ווערן
מיין פינצטערע וועלט...

עס דונקעלט דער הימל,
עס ציען זיך וואָלקנס,
אין שטיבל איז פינצטער
און אומעטיק שטיל.
נאָר ערגעץ אין ווינקל
פאַרשטופט אין אַ שפּאַרע,
דאָרט טשירקעט און טשירקעט
פאַרבאָרגן אַ גריל.

י. אדלער

(31.)

# געוואָרן בעסער צו זיין אַרבייטער

רב הונאַ איז געווען אַ רייכער וויינהענדלער. זיינען ביי אים איינמאָל זויער געוואָרן פיר הונדערט פעסלאַך ווין און ער האָט זיי ניט געקאָנט פאַרקויפן.

האָט ער דערפון געהאַט זייער פיל עגמת נפש. זיינען

געקומען צו אים זיינע חברים, די תלמידי חכמים, אים טרייסטן.

האָבן זיי אים געזאָגט:

— אפשר האָסטו געזינדיקט און דערפאַר שטראָפט דיר גאָט?

האָט רב הונא זיי געענטפערט מיט א פראַגע:

— זייט איר מיר אין עפּעס חושד?

האָבן זיי געענטפערט:

— זאָלן מיר חושד זיין גאָט אַז ער שטראָפט אַן אומשולדיקן מענטשן?

האָט רב הונא געזאָגט:

— קומט אַרויס מיט אָפענע דבורים — אויב איר ווייסט עפּעס וועגן מיר — זאָגט!

האָבן זיי געזאָגט:

— מיר האָבן געהערט, אַז דו באַהאַנדלסט זייער שלעכט דיין אַרבייטער, וואָס אַרבעט ביי דיר אין וויינגאָרטן.

האָט רב הונא געזאָגט:

— יאָ, אָבער ער איז מיר ניט געטריי. ער איז אַ גנב

האָבן זיי געענטפערט:

— אפשר פאַרקערט, ווייל דו באַהאַנדלסט אים שלעכט איז ער דיר ניט געטריי.

רב הונא האָט זיך פאַרטראַכט און געזאָגט:

— איר זיינט גערעכט, חברים, פון היינט און ווייטער וועט שוין מיין אַרבייטער ניט מער זיך באַקלאָגן אויף מיר.

---o---

רב הונא, עגמת נפש, דבור — דבורים, גנב — גנבים, חבר — חברים.

(32.)

# יושר פאַר אַרבייטער

רבה בר חנה האָט געדונגען אַפּאָר אַרבייטער, אַז זיי זאָלן אים איבערטראָגן אַ פּאַס ווײַן פון איין פּלאַץ צום צווייטן. ווי עס ווײַזט אויס זיינען די אַרבייטער ניט געווען גענוג פּאָרזיכטיק. איז די פּאַס אַרונטערגעפאַלן און זיך צעבראָכן און דער גאַנצער ווײַן האָט זיך אויסגעגאָסן.

האָט רבה אַרונטערגעריסן פון זיי די מאַנטלען. זיינען זיי געקומען צו רב׳ן מיט אַקלאַגע. האָט רב געהייסן רבה׳ן ער זאָל זיי צוריק אָבגעבן די מאַנטלען.

די אַרבייטער האָבן זיך ווייטער באַקלאָגט אויף דעם, וואָס רבה באַצאָלט זיי ניט פאַר׳ן טאָג אַרבעט.

— מיר קאָנען שוין היינט קיין אַרבעט ניט קריגן, האָבן זיי געזאָגט, מיר האָבן ניט מיט וואָס צוקומען צו אונזערע ווייבער און קינדער.

האָט רב גע׳פּסק׳נט, אַז רבה זאָל זיי באַצאָלן פאַר אַטאָג אַרבייט.

— היתכן? וואו איז יושר? האָט רבה גע׳טענה׳ט. אי מיר אַזאַ היזק אָנגעטאָן און נאָך זיי באַצאָלן.

רב האָט אויף דעם געענטפערט:

— פאַרשטייסטו מיך, רבה, מיט אַרבייטער דאַרף מען זיך באַגיין לפנים משורת הדין. דו מעגסט זיך טאקע זיין גאַנץ גערעכט, אָבער זיי זיינען הונגעריק.

———o———

פּסק, היתכן, יושר, טענה — טענות, היזק, לפנים משורת הדין.

(33.)

# שבת־שירה־פייגעלאך

קנעכט זיינען געווען אונזערע עלטערן ביי פרעה׳ן אין מצרים. פון פרימארגן ביז שפעט אין דער נאכט האבן זיי שווער געארבעט. אויך ביינאכט האבן זיי קיין רו ניט גע־האט. נאך איידער דער מארגנשטערן איז אויפגעגאנגען, איז שוין דער אויפזעהער מיט דער רוט געקומען: „שטייט אויף, קנעכט, צו דער ארבעט!“

דאס פאלק פארלאזט די געצעלטן, גייט אוועק אין פעלד אריין צו דער ארבעט. די מוטערס שטייען אויף, גרייטן צו שפייז פאר זייערע מאנען, איבערלאזענדיק די קינדער אליין אין די געצעלטן. די עלטערע קינדער זאמלען זיך צונויף אויפ׳ן פעלד און שפילן זיך. זיי זעען, ווי גאנצע מחנות פייגל פליען ארום מיט א הילכיקן געזאנג אונטער׳ן בלויען הימל. אפטמאל לאזן זיך די פייגל אראפ אויף דער ערד, און די קינדער ווארפן זיי צו שטיקלאך ברויט. די פייגעלאך דערציילן זיי וועגן דעם שיינעם לאנד, וואס געפינט זיך אויף יענער זייט בארג; פון די טייכן, וואס פליסן דארט; פון די בלומען, וואס בליהען אזוי שיין. און זיי זינגען פריילאכע לידער פון פרייהייט.

שטיל הערן זיך די קינדער צו און פרעגן: זאגט אונדז, ליבע פייגעלאך, זייט איר פריי, אדער איר לעבט אין קנעכטשאפט? און די פייגעלאך ענטפערן מיט פרייד: פריי זיינען מיר, ליבע קינדער! וואוהין מיר ווילן, פליען

מיר. ניטאָ קיין בעסערע זאַך פון פרייהייט! ליבט קינדער די פרייהייט, און אַז איר וועט גרעסער ווערן, זאָלט איר זען באַפרייען זיך פון אייער קנעכשאַפט". אַזוי האָבן די פייגל געזונגען.

אַמאָל אין אַשיינעם פרילינג-פרימאָרגן זיינען די פייגעלאַך געקומען צופליען צו זייערע גוטע פריינט און האָבן דערזען, ווי די אידן שטייען אָנגעטאָן, גרייט אין וועג אַריין. זיי שטייען מיט די שטעקענס אין די הענט און איילן זיך צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זיי זיינען קנעכט געווען; און די געזיכטער זייערע זיינען געווענדט צו דעם שיינעם לאַנד, וואָס אויף יענער זייט באַרג.

די קינדער האָבן דערזען די פייגל און אויסגערופן מיט גרויס פרייד:

— פריי זיינען מיר, ליבע פייגעלאַך! מיר פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון קנעכשאַפט!

און די פייגל האָבן געענטפערט מיט פריילאַכן געזאַנג, ווי זיי וואָלטן געגריסט די קינדער אויף דעם וועג פון פרייהייט און גליק.

און אַ מנהג איז דערפאַר ביי אידן פאַרבליבן: אַלע שבת-שירה וואַרפט מען פאַר די הונגעריקע פייגעלאַך שטיקלאַך ברויט און קערנער.

פון מדרש
(נייע אידישע שול).

———o———

שבת-שירה, פרעה, מצרים, מתנות, מנהג.

(34.)

# דאָס פייגעלע

שטייט אַ בוימעלע אין וואַלד
האָט דער בוים אַ צווייגל,
כאַפּ איך דאָרט אַ פייגעלע,
זעץ איך זי אין שטייגל.

— „פייגעלע, דו פייגעלע,
קענסט מיר אפשר זאָגן,
וואָס זשע ליגסטו שטום אַזוי,
און בינסט אַזוי דערשלאָגן?“

וואַרפט זי זיך דאָס פייגעלע,
וואַרפט זי זיך און פלאַטערט,
אַמפּערט מיט די פליגעלאַך,
ביז זי ווערט פאַרמאַטערט.

— „פייגעלע איך שטעל פאַר דיר
אַ טעפּעלע צו קאַפּן,
מיט צוקער-וואַסער זיס, אוי זיס!“
— גיב מיר טוי אַ טראָפּן!...

— „ווילסטו עסן — בריינג איך קערנער דיר,
קערנער אויפן מעסטל“.
—ניין, כ'וויל נאָר איין קערנדל,
איינעם — אין מיין נעסטל...

— „שיין איז דאָך דיין שטייגעלע,
כ'וועל אים נאָך באַגילטן“.
גיב בעסער מיר אַ צווייגעלע,
אין וועלדעלע, אין ווילדן.

יצחק קאַצענעלענסאָן

# אֲדָר

(35.)

## אדר

אדר איז דער זעקסטער אידישער חודש. די ערשטע פינף חדשים זיינען: תשרי, מרחשון, כסלו, טבת און שבט. אדר פאַרענדיקט דעם ערשטן האַלב-יאָר, אָדער זמן, ווי עס הייסט אין העברעאיש, און איז דער לעצטער מאָנאַט פון תקופת החרף, דער ווינטער סעזאָן.

אדר. ס'איז ווינטער. זיידע פראָסט און פעטער שנייער געוועלטיקן נאָך איבער גאָט'ס וועלטל, אָבער אין דער לופטן שפּירט זיך שוין — פרילינג. די טעג זיינען שוין גרעסער און די זון שיינט שוין שטאַרקער און וואַרעמער. די אדר ווינטעלאַך זיינען נאָך קאַלטע אָבער לאַסט-שענדיקע און זאָגן אָן די גוטע בשורה: — פרילינג קומט!

———o———

---

תשרי, חשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, זמן, תקופת-החרף, בשורה.

### פראַגן:

ווי הייסט דער זעקסטער אידישער חודש? ווי הייסן די ערשטע זעקס חדשים? וואָס מיינט זמן? וועלכע חדשים שטעלן צוזאַמען די תקופת החרף?

(36.)

# פּורים

דער פערצענטער טאָג אין חודש אדר איז פּורים. פּורים איז אַ פריילאַכער יום-טוב. מיר פרייען זיך, ווייל אין דעם טאָג זיינען צעשטערט געוואָרן המן׳ס פּלענער צו פאַר-ניכטן אַלע אידן פון פּרס — פּערסיען.

אחשורוש איז דאַן געווען דער קעניג פון פּרס און המן זיין העכסטער מיניסטער. און אָט דער שלעכטער המן, המן דער רשע, האָט אַרויסגעקריגן פון קעניג אַ דערלוי-בניש צו פאַרטיליקן אַלע אידן פון די הונדערט זיבן און צוואַנציק מדינות.

אָבער דער אידישער קעניגן אסתר און איר קרוב מרדכי׳ן איז געלונגען צו ווירקן אויפ׳ן קעניג, אַז ער זאָל צוריקציען זיין דערלויבניש און ער זאָל אויפהענגען המנ׳ען.

דעריבער איז פּורים אַ פריילאַכער יום-טוב. אידן פרייען זיך, מאַכן סעודות און שיקן צו פריינד און צו אָרימע שלח-מנות׳ן, פּורים פּרעזענטן.

אַ טאָג בעפאָר פּורים, דער דרייצענטער טאָג אין אדר איז אַ פאַסט-טאָג — תענית אסתר. בעפאָר אסתר, די אידישע קעניגן, איז געגאַנגען צום קעניג בעטן פאַר די אידן האָט זי געפאַסט און גאָט געבעטן ער זאָל איר העלפן ראַטעווען איר פאָלק.

פּורים לייענט מען די מגילה — די געשיכטע פון פּורים.



אַ גראַגער

———o———

פורים, חודש אדר, יום-טוב, המן, פרס, מדינות, אסתר, מרדכי, קרוב, סעודות, שלח-מנות, תענית-אסתר.

———o———

## פראַגן:

וועמען איז פורים? ווער האָט געוואָלט פאַרטיליקן אַלע אידען? ווער איז דאַן געוועזן דער קעניג אין פרס? ווער איז געוועזן אסתר? פון וועלכער פאָלק האָט זי געשטאַמט? ווער איז געוועזן מרדכי? ווער האָט געראַטעוועט די אידן פון המן׳ס פלענער? וואָס מיינט שלח-מנות? ווען שיקן מיר שלח-מנות? וואָס מיינט תענית-אסתר? פאַר וואָס פאַסטן מיר דעם דרייצענטן טאָג אין חודש אָדר? וואָס לייענט מען פורים?

(37.)

# שושנת יעקב

שושנת יעקב
צהלה ושמחה
בראותם יחד
תכלת מרדכי
המן האָט געוואָלט
די אידן אויפהייגגן,
המן האָט געוואָלט
די אידן אומברייגגן,
המן האָט געוואָלט
די אידן טאָן אַ צרה
איז ער אַליין
געוואָרן די כפרה.

(פאלקס-ליד)

———o———

(38.)

# צו דער מגילה

פאַרנאַכט האָט מיר דער טאַטע געזאָגט: — טו זיך אָן אויף גיך, מיר וועלן באַלד גיין קלאפּן המנ׳ען, — און ער האָט מיר געגעבן אַ נייעם, ווייסן, בלישטשענדיקן, בלעכענעם גראַגער.

איך האָב זיך דערפריייט, האָב אָנגעהויבן פּרואוון מיין גראַגער און בין מיט איילנדיקע טריט נאָכגעלאָפן מיין טאַטן אין שול אַריין.

די שול איז געווען באַלויכטן און אָנגעפּאַקט פול מיט אידן. איך מיט נאָך אַסך אינגלאַך האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף די ביינק מיט די גראַגערס אין די הענד. פון מיינע חברים האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מען וועט באַלד לייענען אַ מגילה, און ווען מען קומט צו המנ׳ען, דאַרף מען קלאַפּן, שלאָגן.

איך וועל שטאַרק קלאַפּן! — האָט זיך איינער באַרימט און אַמאָך געטאָן מיט דעם גראַגער אין דער לופטן.
אָ, איך וועל נאָך שטאַרקער קלאַפּן! האָט זיך אַ צווייטער אָנגערופן און אַ טופּע געטאָן מיט דעם פוס.

אַלע האָבן דאָסזעלבע געטאָן און די באַנק האָט געציטערט.

דער שמש האָט געגעבן אַ פּאַטש אין טיש. עס איז געוואָרן שטיל. איינער האָט אָנגעהויבן לייענען. מען לייענט און מען לייענט און עס איז שטיל. די גראַגערס ציטערן שטיל אין אונזערע הענט; מיר שטייען קוים איין; מיר קאָנען זיך ניט איינהאַלטן. יעדע מינוט, יעדע סעקונדע זיינען מיר גרייט אָנצוהויבן קלאַפּן המנ׳ען, נאָר עס איז שטיל און מען לייענט ווייטער. איך לאָז ניט אַראָפּ די אויגן פון מיינע חברים און פון זייערע גראַגערס — איך זאָל גלייך מיט זיי אָנהויבן שלאָגן המנ׳ען. זיי קוקן אויך איינער אויף דעם אַנדערן און אויף מיר. יעדער וויל זיין דער ערשטער; קיינער וויל ניט זיין דער לעצטער.

פלוצלונג דערהערן מיר אַגעשריי „המן"! און אונזערע הענט האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן. עס איז געוואָרן אַ שרעקלאַכער גערויש פון דעם גראַגערן און פון דעם קלאַפּן מיט די פיס... און באַלד ווייטער אַגעשריי „המן!". און מיר כאַפּן זיך ווידער צו אונזערע גראַגערס; דער רעש ווערט נאָך גרעסער. נאָך אַ מינוט, טראַך — ווייטער „המן!" אַלע מינוט „המן" און „המן". מיינע הענט אַרבעטן מיט אַלע קרעפטן. אפילו אַלטע אידן קלאַפּן המנ'ען מיט די פיס. עס איז אַ גרויסער טומל; אַלע קלאַפּן, גראַגערן, שרייען, לאַכן. אַלע קולות פאַרמישן זיך צוזאַמען און עס הודיעט און עס ציטערט די לופט.

נאָך דער מגילה בין איך געקומען אַ היים אַ פריילאַ-כער, אַ צופרידענער. נאָך אַזויפיל גראַגערן, קלאַפּן און אַרבעטן בין איך די גאַנצע נאַכט זיס און געשמאַק גע-שלאָפן.

אויף מאָרגן זיינען מיר אַלע אויפגעשטאַנען יום-טוב'-דיק. פיל פריינט האָבן אונז געשיקט „שלח-מנות, און אָרימעלייט האָט מען ביי אונדז געטיילט געלט דעם גאַנצן טאָג.

מ. ספעקטאר

———o———

---

מגילה, המן, חברים, שמש, רעש, קולות, אַפילו, יום טוב, שלח-מנות.

(39.)

# ערב פרילינג

דער ווינטער, דער ווינטער,
ער וויל נאָך רעגירן;
ער גיט נאָך אין אָוונט
זיין כוח אונדז שפּירן.

באַנאַכט ווערט ער מעכטיק,
מיט צאָרן באַפאַלט ער —
דעם גאַנג פון די טייכלאַך
אין גאַסן פאַרהאַלט ער.

ער האָט נאָך אַ רעשטל
פון זיינע אַרמייען,
וואָס קומען אים העלפן
מיט ווינטן און שנייען.

ער האָט נאָך אין צפון
אַ גאַנצע חבריא,
וואָס ווילן אים שטיצן,
וואָס בלייבן געטרייע.

דאָך הויכט שוין דער פרילינג —
זיין מאַכט איז נאָך אָרים —
עס קומען צו הילף אים
די ווינטלאַך פון דרום.

אברהם רייזען

# נִיסָן

(40.)

## ניסן

ניסן איז דער זיבעטער אידישער חודש. די זיבן חדשים הייסן: תשרי, מרחשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן.

ניסן איז דער ערשטער פרילינג מאָנאַט און פאַנגט אָן די תקופת האביב — דעם פרילינג סעזאָן.

ניסן איז זייער אַ פריילאַכער מאָנאַט. ס׳איז דער באַפרייאונג׳ס חודש. אין מאָנאַט ניסן זיינען אונזערע עלטערן באַפרייט געוואָרן פון מצרים וואו זיי זיינען פאַר אַ סך, אַ סך יאָרן געוועזן קנעכט.

משה רבנו איז געוועזן דער אידישער באַפרייער.

———o———

---

תשרי, חשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן, תקופת האביב, מצרים, משה רבינו.

### פראַגן:

ווי הייסן די ערשטע זעקס מאָנאַטן? וואָס מיינט תקופת האביב? אין וועלכן חודש זיינען אונזערע עלטערן באַפרייט געוואָרן פון מצרים? ווער איז געוועזן דער אידישער באַפרייער?



פריהלינג

(41.)

# משה רבנו דער פאַסטוך

משה רבנו האָט אין זיינע יונגע יאָרן געאַרבעט ביי זיין שווער יתרו'ן אַלס פאַסטוך. איינמאָל, ווען משה האָט געפיטערט די שאָף, האָט זיך אַ שעפּסעלע אָפּגעריסן פון דער טשערעדע און אָנגעהויבן לויפן. משה האָט זיך באַלד געלאָזט לויפן נאָכ'ן שעפּסעלע. דאָס שעפּסעלע איז גע-לאָפן און געלאָפן ביז ס'איז געקומען צו אַ טייכל און זיך געשטעלט טרינקען.

משה האָט געזען, אַז דאָס שעפּסעלע איז געווען זייער מיד און שוואַך פון לויפן האָט ער עס אויף זיינע הענט גענומען און צוריקגעבראַכט צו דער טשערעדע.

דאַן האָט גאָט געזאָגט: — משה, משה, איך זע אַז דו האָסט זייער רחמנות אויף דיינע שעפעלאַך, דו האָסט זייער אַ גוט האַרץ — דערפאַר וועסטו ווערן דער פאַסטוך פון מיינע שאָף — דאָס פאָלק ישראל.

———o———

משה רבנו, רחמנות.

## פראַגן:

ווער איז געוועזן יתרו? וואָס האָט משה געטאָן אין זיינע יונגע יאָרן? מיט וואָס האָט משה באַוויזן זיין רחמנות? ווער איז געוועזן דער ערשטער אידישער פאַסטוך? וואָס מיינט משה רבנו?



משה רבנו

(42.)

# ערב פסח

— מאַמע, איך בין פריי! — קום איך צולויפן אַ היים אַ פּאָר טעג פאר פּסח און זאָג איר אָן אַ בשורה, אַז מען האָט אונדז צולאָזט פונ׳ם חדר.

— אַ גדולה אויף דער באָבן! זאָלסט דערלעבן אָנזאָגן בעסערע בשורות! ענטפערט די מאַמע, וואָס איז פאַר־טאַרעראָמט מיט׳ן פּסח. זי האָט אונטערגעבונדןביידע דינסטן מיט ווייסע פאַטשיילעס און געגעבן זיי בערשט־לאַך, בעזעמס מיט פלעדערווישן אין די הענט אַריין, און אַליין האָט זי זיך אויך אונטערגעבונדן מיט אַ ווייסער פאַטשיילע, און אַלע דריי רייניקן און שמירן, וואַשן און רייבן, שייערן און כשר׳ן אויף פּסח. איך קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען: וואו איך זיץ און וואו איך שטיי און וואו איך גיי — איז שלעכט.

— אַוועק מיט די חמצ׳דיקע מלבושים פון דער פּסח־דיקער שאַפע! — טוט די מאַמע אויף מיר אַ געשריי.

—פאַוואָליע, אָט טרעטסטו אָן אויף אַ פּסח׳דיקן זאַק!

— אַהינצו זאָלסטו גאָר אפילו ניט קוקן, דאָרטן שטייט דער פּסח׳דיקער באָרשטש!

איך דריי זיך אַרום פון איין אָרט אויפ׳ן אַנדערן, פּלאָנטער זיך אונטער די פיס; איך כאַפּ אַ שטורך, אַ זעץ, אַ שליידער.

בײ לײטן קינדער זיצן אויף אײן אָרט — זאָגט די מאַמע — און אַזאַ בחור׳ל פון כמעט דאָס נײַנטע יאָר קאָן שוין גאָר עפּעס טאָן, איבער׳חזר׳ן נאָך אַ מאָל די פיר קשיות.

— מאַמע—זאָג איך — איך קאָן זײ שוין אויף אויסנ-װײניק!

קוים מיט צרות דערלעבט דעם אויפדערנאַכט, װען דער טאַטע גײט אַרום מיט אַ ליכטל, מיט אַ הילצערנעם לעפל און מיט אַ פלעדערװיש און איז בודק חמץ. און איך העלף אים זוכן די שטיקלאַך ברויט, װאָס ער אַלײן טאַקע האָט זײ צוגעגרײט אויף אַלע פענצטער...

סך הכל אײן מעת-לעת — טראַכט איך מיר — נאָך אײן נאַכט און אײן טאָג און איך װעל מיך אָנטאָן יום-טוב׳דיק, װי אַ פּרינץ... הײנט דער סדר, די פיר קשיות, ארבע כוסות, און די פּסח׳דיקע מאכלים: לאַטקעס און קנײדלאַך און קוגעלאַך און כרעמזלאַך." איך דערמאָן מיך אָן די מאכלים און עס הײבט מיר אָן ציען דאָס האַרץ: איך האָב אַ גאַנצן טאָג כמעט גאָרנישט געגעסן.

— לײען אָפּ קריאת שמע — זאָגט צו מיר די מאַמע — און גײ לײג זיך שלאָפן. הײנט עסט מען ניט קײן װעטשערע; ס׳איז ערב פּסח.

אין דער פרי װעקט מיך אונזער דינסט-מײדל בײליע:

— שטײ שוין אויף, די מאַמע האָט געהײסן, מען זאָל דיך אויפװעקן, מען באַדאַרף אַרויסטראָגן דעם לעצטן חמץ!

דער טאַטע וואַרפט אַריין דעם הילצערנעם לעפל מיט׳ן פלעדערוויש אין אויוון אַריין און פאַרברענט דעם חמץ... אין שטוב ווערט פסח׳דיק... אומעטום איז ריין, אומעטום איז כשר... דער טיש איז גרייט... די ארבע כוסות שמייכלען צו מיר פון דער ווייטנס. אָט, אָט, נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה וועט ווערן פסח.

שלום-עליכם

———o———

ערב פסח, בשורה, גדולה, כשר, חמץ, מלבושים, בחור, כמעט, קשיות, צרות, בודק חמץ, סך הכל, מעת-לעת, סדר, ארבע כוסות, מאכלים, קריאת שמע.



דער סדר

(43.)

# פסח

אַ סך, אַ סך יאָרן זיינען אונזערע עלטערן געווען שקלאַפן אין מצרים. זיי האָבן געמוזט אַרבעטן שווער און ביטער און האָבן קיינמאָל קיין רו ניט געהאַט.

פּרעה, דער קעניג פון מצרים, איז געווען זייער אַ שלעכטער און האָט געהייסן די אידישע קינדער אין די ווענט איינמויערן און אין ניל דערטרינקען.

האָבן די אידן שטאַרק גאָט געבעטן און ער האָט רחמנות געהאַט אויף זיי. האָט גאָט געשיקט משה׳ן ער זאָל אַרויסנעמען די אידן פון מצרים.

פּרעה האָט אָבער ניט געוואָלט באַפרייען זיינע אידי־שע שקלאַפן און גאָט האָט געמוזט ברייגנען צען מכות — עשר מכות — אויף זיין לאַנד

איז פּרעה אַ גרויסער עקשן געווען און האָט אַפילו דאַן ניט געוואָלט נאָכגעבן. אָבער ווען די ערשטע־געבאָ־רענע פון מצרים האָבן אָנגעהויבן אויסצושטאַרבן — ס׳איז געווען די צענטע מכה: מכת־בכורות — איז פּרעה אַליין געלאָפן זוכן משה׳ן און געבעטן אים ער זאָל וואָס גיכער אַרויסנעמען די אידן פון זיין לאַנד.

און דעם פופצנטן אין חודש ניסן האָט משה אַרויס־געפירט אַלע אידן פון מצרים ענטשלאָסן צו גיין און באַ־זעצן זיך אין דאָס צוגעזאָגטע לאַנד, אין דאָס לאַנד פון די אבות, אין ארץ ישראל.

דעריבער פייערן מיר פונ׳ם פופצנטן טאָג אין חודש ניסן ביז׳ן צוויי און צוואַנציקסטן טאָג דעם יום-טוב פון פרייהייט, דעם „זמן חרותנו“ — פּסח.

פּסח טאָר מען קיין חמץ ניט עסן. די אַכט טעג פּסח עסט מען בלויז מצות און אַנדערע פּסח׳דיקע מאכלים.

די ערשטע צוויי פּסח-נעכט זיינען „סדרים נעכט“, מען פּראַוועט אַ סדר: דער קלענסטער זון פרעגט די פיר קשיות — מה נשתנה —, דער טאַטע לייענט פון דער הגדה די געשיכטע פון דער אידישער שקלאַפעריי און באַפרייאונג, מען עסט און מען טרינקט „ארבע כוסות“ און מען פייערט זיך מיט׳ן ליבן יום-טוב פּסח.

———o———

פּסח, סך, מצרים, פּרעה, רחמנות, עשר מכות, עקשן, מכת בכורות, אָבות, זמן חרותנו, חמץ, מצה, מאכלים, סדר, מה נשתנה, הגדה, ארבע כוסות.

———o———

## פראַגן:

וויפיל יאָר זיינען די אידן געווען שקלאַפן אין מצרים? וואָס האָט דער קעניג פּרעה געהייסן טאָן צו זייערע קינדער? ווער האָט אַרויסגענומען די אידן פון מצרים? וויפיל מכות האָט גאָט געבראַכט אויף דאָס לאַנד מצרים? וואָס איז געווען די צענטע מכה? ווען זיינען די אידן אַרויס פון מצרים? וואָס פאַר אַ יום־טוב פייערן מיר פון דעם פופצנטן ניסן ביז׳ן צוויי און צוואַנציקסטן? וואָס מיינט זמן-חרותנו? וואָס עסט מען פּסח? וואָס מיינט חמץ? וואָס פּראַוועט מען אין די ערשטע צוויי פּסח-נעכט? וואָס איז די הגדה?

(44.)

# ליל שימורים

שוין פאַרזוכט פון אַלע כוסות
האָט דער נביא אליהו,
שטילע רו-מלאכים פליען
פון די הימלען פון די בלויע.

טראָגן זיך פון הויז צו הייזל,
שוועבן אום אויף אַלע דעכער,
גנב׳ענען זיך אַריין אין פענצטער
קריכן דורך די שליסל-לעכער...

בענטשן איטלעכעס געלעגער,
קושן יעטווידן באַזונדער,
שושקען יעדן אין זיין שלומער
זיסע טרוימען, הימל וואונדער...

הייליק איז דאָס קליינע געסל,
ס׳טאָר קיין בייז אים ניט פּאַסירן,
שניי געפליגלטע מלאכים
שטייען וועכטער ביי די טירן...

יהואש

———o———

ליל שמורים, נביא, אליהו, מלאכים.

(45.)

# אליהו הנביא

דאָס איז שוין געווען
נאָך דעם כוס דער דריטן;
דאָס מאָל אליהו׳ן
מוז איך פּאָרט דערהיטן.

אויסגעקאָלכט דאָס שטיבל,
און די ליכט זיי ברענען,
ווי ער וועט אַריינגיין,
וועל איך אים דערקענען.

כ׳האָב געלערנט „מלכים״,
כ׳זע אים פאַר די אויגן:
ווי ער איז אין הימל
דאַן אַרויפגעפלויגן.

אויף אַ פייער-וואָגן,
דורכגעבליצט מיט שטראַלן,
כ׳זע נאָר ווי זיין מאַנטל
איז אויף דר׳ערד געפאַלן.

און פון מענטש צו מלאך
איז ער דאָרט אַריבער;
אָבער אויף דער ערד אויך
קומט ער אָפט אַריבער.

איבערהויפּט צום סדר
ענדערט זיין געשטאַלט ער,
ער פאַרשטעלט זיך דאַמאָלט,
ווי אַ איד אַן אַלטער.

מ'דאַרף נאָר אין אַ רגע
קאָנען אים דערהיטן;
טאָמער קוקסט ניט ריכטיק,
ווערט ער ניט אינמיטן.

איך וועל אָבער קוקן,
כ'וועל זיך ניט אָפּקערן,
כ'וועל אים גלייך דערזען,
זיינע טריט דערהערן.

אברהם רייזען

---

(46.)

# דער סדר

דאָס קליינע שטיבעלע איז באַגאָסן מיט יום-טוב׳-דיקער ליכטיקייט, איז דורכגעדרונגען מיט אַ פינקלדיקער, כשר׳ע ריינקייט. אויף אַלץ ליגט דער סימן פון באַניי-אונג. אויפ׳ן טיש זיינען אויסגעשטעלט אַלע שפּייזן פונ׳ם סדר: דריי מצה-שמורה׳ס, פאַרוויקלט אין אַ האַנטוך; די זרוע — אַ געבאַקט הינער-העלזעל; מרור און כרפס; חרוסת, ענליך אויף ליים. אין די פלאַשן און אין די כוסות פינקלט דער רויטער צמוקים-וויין.

אַרום טיש זיצט אונזער געזינט. דער פּאַטער, אין אַ ווייסן קיטל, זיצט אָנגעלענט אויף דער הסב-בעט מיט גרוים גדלות, ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ מלך. לעבן אים — די מוטער, די מלכה, מיט אַ ליכטיקן פּנים, אַ קאָנטעטע און אַ גליקלאַכע, דורכגעדרונגען מיט אַ יום-טוב'דיקער רו. און מיר, קינדער, דער עלטערער ברודער, די שוועסטער און איך, — אַלע אין נייע יום-טוב'דיקע בגדים, זיצן אַרום טיש שטיל, געהאַרכזאַם און שטאַטיק. ביים עק טיש — אַן אָרימאַן, אַן אורח אויף פּסח, און די אַלטינקע קעכין אין שפּאָגל-נייעם פאַרטוך, האַלטענדיק מיט דרך ארץ די הענט אויף די קני, זיצט זי אויסגעגלייכט מיט אַ מידער און שטאָלצער רואיקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט דערפילט זיין פליכט.

באַלד וועט זיך אָנהויבן דער סדר.

אָנהויבן דאַרף איך, דער אינגסטער אין געזינט. מיר שטייט פאָר פרעגן ביים טאַטן די פיר קשיות. די קשיות האָב איך פאַר אַ לאַנגע צייט געלערנט אין חדר; איך וויים זיי אויף אויסווייניק, אויף לשון קודש מיט דער איבער-זעצונג אויף אידיש מיט דעם ניגון, ווי געהעריק. און איך וואַרט מיט אַ קלאַפּנדיקן האַרצן אויף דעם פּאַטערס וואונק.

— נו-ו?

איך צעשאָקל זיך שטאַרק און אויפ'ן קול מיט אַ ניגון הויב איך אָן:

— טאַטע, איך וועל ביי דיר פרעגן די פיר קשיות: מה נשתנה?...

און ניט אָפּשטעלנדיק זיך, קלאָר און גרינג שטעל איך דעם פּאַטער איין קשיה נאָך דער אַנדערער. דער פּאַטער,

מיט אַ שטילן ליבהאַרציקן שמייכעלע אויף די ליפּן, הערט מיר אויס געדולדיק און אויפמערקזאַם, שאָקלט צו מיט׳ן קאָפּ און, ווי נאָר איך ענדיק די קשיות, הייבט ער גלייך אָן הויך און זיכער זיין ענטפער:

עבדים היינו... שקלאַפן זיינען מיר געווען.

ש. אַנ־סקי

———o———

סימן, מצה שמורה, זרוע, מרור, כרפס, חרוסת, צמוקים, גדלות, מלך, מלכה, בגדים, אורח, דרך ארץ, לשון קודש, ניגון, קול, קשיה, קשיות, מה נשתנה, עבדים היינו.

———o———

(47.)

# דער אורח ביים סדר

(אַ מעשה׳לע לכבוד פּסח)

דער שענסטער כוס פון אַלע איז געווען אליהו׳ס —<br>
דער טאַטע פלעגט דעם כוס אַליין צום סדר גרייטן,<br>
עס איז געווען אַ כוס געמאָלט אין שיינע קווייטן —<br>
מען האָט אים ניט פאַרביטן, ניט געמאַכט קיין טעות.

דער טאַטע פלעגט אים אָנגיסן הויך צו די ברעגן!<br>
און פאָרזיכטיק און מילד אַזוי פלעגט ער אים גיסן,<br>
דעם פיינעם וויין, פון ראָזשינקעס פון זיסן,<br>
פאַר אליהו׳ן אַליין, פאַר זיינעטוועגן...

די קינדער פלעגן אין געדאַנקען ווייט פאַרזינקען,
דער שפּיל איז זיי געווען אַזוי געפעלן,
ניט מער — זיי וואָלטן זען בלויז איינמאָל וועלן,
ווי אליהו קומט פון כוס אַ ביסעל טרינקען ...

און איינמאָל – האָט מיטגעבראַכט פון שול דער טאַטע
אַן אורח, וואָס מען האָט געגעבן אים צום סדר,
ער איז געווען געקלייט אין אנדערשדיקע קליידער —
די באָרד אַ לאַנגע — גראָע און די אויגן מאַטע.

מען האָט אַ כוס געשטעלט פאַר אים, ווי ס׳פּאַסט פאַר לייטן,
ניט ווייט פון אליהו׳ס כוס, אין טיש אין מיטן,
מען האָט צו יעדן מאָל געדאַרפט אים היטן
ער זאָל, חלילה, ניט זיין כוס פאַרבייטן ...

און נאָכ׳ן סדר איז דער אורח שטיל פאַרשוואונדן,
באַטראַכט האָט יעדערער די כוסות און דעם שיסל —
מען זעט, עס פעלט פון אליהו׳ס כוס אַ ביסל —
און דעם אורח׳ס אָבער פול און רויט געצונדן ...

דער טאַטע האָט געשמייכלט מיט הנאה,
די מוטער איז פאַר׳חלומט אומגעגאַנגען,
און מיר, די קינדער, האָבן ווי געהערט געזאַנגען
און שוועבן ווי געזען דעם אורח — אליהו!

אברהם רייזען

———o———

(48.)

# משה פאַר'ן סנה...

מיט זיין שטעקן אין דער האַנט,
זיצט ער אויפ'ן פעלז ביים ראַנד,
און ער היט די סטאַדע.
ווייסן אַלע דאָך אַודאי,
ווייסן קליינע, ווייסן גרויסע,
אַז ס'איז פּאַסטוך משה.
זיצט זיך משה, היט די שאָף,
און ער קלערט: ווען וועט נעמען שוין אַ סוף?
ס'שקלאַפט אַ פאָלק ביי ליים און ציגל,
יעדעס קינד — אַ קנעכט אין וויגל.
וואַקסן קינדער — וואַקסן קנעכט...
און זיי שקלאַפן טעג און נעכט,
און מען גיט זיי ניט קיין רו.
און אין מזרח, ערגעץ וואו,
וואַרט אַ לאַנד פאַר זיי שוין יאָרן,
און עס האָט דאָך גאָט געשוואָרן,
אַז ער וועט אונדז ברענגען דאָרטן,
ברענגען אונדז צו בוים און גאָרטן
און צו סטאַדעס פי און שאָף —
טאָ, ווען וועט נעמען שוין אַ סוף?

פלוצלונג זעט ער פון דערווייטן,
וואָס זשע זאָל עס דאָרט באַדייטן?
ס׳ברענט אַ בוימל פאַזע וועג,
ברענט און וואַרפט אַרום אַ שרעק:
פלאַמען צונגען, פלאַמען הענט,
און ס׳בוימל ווערט דאָך ניט פאַרברענט...
איז דער וואונדער דאָך אַ גרויסער,
און אונדזער משה, דער אַלץ-ווייסער,
וויל דעם וואונדער אויך דערגיין.
לאָזט ער פי און שאָף אַליין,
נעמט זיך שנעלער, שנעלער גיין
צו דעם בוימעל, וואָס פלאַמט און ברענט —
מיט זיין שטעקן אין די הענט...

און אַז משה איז דאָרט צוגעגאַנגען,
האָבן זיך צעטראָגן קלאַנגען,
קלאַנגען פון דער הויך.
און אַ שטימע געטליך-ווייך
האָט געזאָגט:
— משה, משה! ס׳קומט דער סוף,
וועסט באַלד פירן דיינע שאָף,
וועסט זיי געבן אויך אַ תורה,
ניט פאַרצווייפל, האָב קיין מורא.
כ׳האָב געשוואָרן, זאָלסט עס הערן —
ווי דער סנה, וועט אויך ישראל
קיינמאָל ניט פאַרניכטעט ווערן.

ח. גרענט

———o———

(49.)

# ספירה

פסח הייסט אויך חג האביב, דער פרילינג יום-טוב. ווען די אידן האָבן געלעבט אין ארץ ישראל זיינען זיי געווען ערד אַרבייטער און האָבן זיך זייער שטאַרק גע-פרייט מיט'ן אָנקומען פון פסח, דעם פרילינג יום-טוב, און אין דער צווייטער נאַכט פון פסח פלעגן זיי ברייננען אַ מתנה צו גאָט, אַן עומר — אַ מעסטל פון די ערשט צייטיקע תבואה און געדאַנקט גאָט פאַר דאָס געבענטשטע לאַנד און פאַר די גוטע פרוכט.

און די תורה האָט אונדז געהייסן ציילן ניין-און-פערציק טעג,זיבן וואָכן, פון דעם טאָג וואָס מען ברייננט דעם עומר צו גאָט און דאַן פייערן דעם יום-טוב שבועות.

דעריבער ציילן מיר, פון דעם צווייטן טאָג פסח, ניין און פערציק טעג. אָט די טעג הייסן ספירה-טעג, טעג פון ציילן.

---

ספירה, פסח, חג האביב, יום-טוב, עומר, מתנה, ארץ ישראל, תבואה, תורה, שבועות.

---

## פראַגן:

וואָס מיינט ספירה? ווען פאַנגט מען אָן ציילן? וויפיל טעג ציילט מען? וואָס מיינט עומר? וואָס מיינט חג האביב? מיט וואָס האָבן זיך אונזערע עלטערן באַשעפטיגט אין ארץ ישראל? ווען פייערן מיר דעם יום-טוב שבועות?

# אִיָר

(50.)

## איר

דער אַכטער אידישער חודש איז איר. איר איז דער צווייטער פרילינג מאָנאַט. די אַכט חדשים הייסן: תשרי, חשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן, איר. איר איז אַ ספירה מאָנאַט: דעם גאַנצן חודש ציילט מען ספירה.

די ספירה-טעג זיינען שפּעטער געוואָרן טרויער טעג פאַר די אידן, ווייל אין דער צייט זיינען טויזנטער אידן אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן פון די רוימער אין די צייטן פון קעניג אדרינוס און שפּעטער, אין דער זעלבער צייט, זיינען טויזנטער אידן אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן בעת די „קרייץ-צוגן“ און נאָך שפּעטער, אויך אין דער זעלבער צייט — אין די ספירה טעג — זיינען טויזענטער אידן אויסגע׳הרג׳עט געוואָרן פון די רוסישע היידאַמאַקעס, כמעלניצקעס באַנדעס.

דעריבער זיינען די ספירה-טעג און באַזונדער דער חודש איר — טעג פון טרויער. מען מאַכט ניט קיין שמחות אין די טעג און מען פרייט זיך ניט. ס׳איז ספירה—טעג פון טרויער.

---

**איר, חודש, ספירה, בעת, שמחה, שמחות.**

## פראַגן:

ווי הייסט דער אַכטער אידישער חודש? וועלכער חודש איז דער ספירה-חודש? פאַרוואָס זיינען די ספירה-טעג — טעג פון טרויער? וואָס מיינט שמחה? וואָס ווייסטו וועגן די קרייץ-צוגן? וואָס ווייסטו וועגן כמעלניצקי?



בר-כוכבא׳ס העלדן

(51.)

# ל״ג בעומר

„ל״ איז דרייסיק און „ג״ איז דריי. ל״ג איז דריי-און-דרייסיק. דער דריי-און-דרייסיקסטער טאָג אין ספירה איז דער איינציקער פריילאַכער טאָג פון די ספירה טעג. אַלע ספירה-טעג זיינען טעג פון טרויער, ל״ג בעומר אָבער איז אַ טאָג פון פרייד.

ל״ג בעומר איז אַ קינדער יום-טוב, ווייל די תלמידים פון רבי עקיבא האָבן אויפגעהערט צו שטאַרבן אין דעם טאָג.

רבי עקיבא איז געווען דער גרעסטער געלערנטער אין זיין דור. ער האָט געלעבט אין די צייטן פון בר-כוכבא׳ס אויפשטאַנד געגן די רוימער.

דער גרויסער געלערנטער, רבי עקיבא, האָט גע-שטיצט בר-כוכבא׳ן אין זיין קאַמף געגן די רוימער פאַר אַ באַפרייטער אידישער ארץ ישראל און האָט געווירקט אויף זיינע פיר-און-צוואַנציק טויזענט תלמידים זיך אָנ-צושליסן אָן בר-כוכבא׳ס אַרמיי.

נאָך פסח האָט אַ שטאַרקע מגפה אָנגעפאַנגען בושע-ווען צווישן די תלמידים און פילע זיינען אויסגעשטאָרבן. ל״ג בעומר, דעם דריי-און-דרייסיקסטן טאָג אין ספירה האָט די מגפה אויפגעהערט.

דעריבער איז ל״ג בעומר אַ קינדער יום-טוב, באַזונ-דערס פאַר די תלמידים און תלמידות פון די ישיבות, תלמוד-תורה׳ס און אַנדערע אידישע שולן.

—o—

ל״ג בעומר, ספירה, יום-טוב, תלמידים, תלמידות, רבי עקיבא, בר-כוכבא, ארץ ישראל, מגפה, ישיבה, ישיבות, תלמוד-תורה.

—o—

## פראַגן:

וויפיל איז „למד״? וויפיל איז „גימל״? ווער איז געווען רבי-עקיבא? ווער איז געווען בר-כוכבא? וויפיל תלמידים האָט רבי-עקיבא געהאַט? ווער האָט געפירט דעם אויפשטאַנד געגן די רוימער? וואָס האָט געהייסן רבי-עקיבא זיינע תלמידים טאָן? ווען האָט די מגפה אָנגעפאַנגען בושעווען צווישן די תלמידים? ווען האָט די מגפה אויפגעהערט? וואָס איז געווען דער צוועק פון בר-כוכבא׳ס אויפשטאַנד? פאַר וואָס איז ל״ג בעומר אַ קינדער יום-טוב? וואָס מיינט עומר?



(52.)

# אַ ל״ג־בעומר מעשה׳לע

אַ אינגעלע האָט ל״ג בעומר אויסגעשאָסן אַ פייל פון בויגן. און דאָס אינגעלע האָט אָנגעזאָגט דער פייל זי זאָל פליען העכער פון אַלע דעכער, זי זאָל אָבער קיין שום פייגעלע ניט פאַרטשעפּען. זי זאָל פליען גלאַט אין דער וועלט אַריין, און ווען זי וועט זיך איינמאַטערן, זאָל זי אַרונטערפאַלן אויף דער ערד און בלייבן ליגן.

איז געפלויגן די פייל פון בויגן, און אַלע פייגעלאַך אויפן וועג האָבן זיך פאַר איר דערשראָקן און זיך אָפּגע-קערט אָן אַן זייט, כדי זי זאָל זיי ניט טרעפן.
זאָגט די פייל צו די פייגעלאַך:

— ליבע פייגעלאַך, כשרה אייגעלאַך, איר דאַרפט פאַר מיר קיין מורא ניט האָבן, וואָרים מיך האָט מען ניט געשיקט צו טויטן אייך. מיך האָט אויסגעשאָסן אַ אינגע-לע און ער האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל קיין שום פייגעלע ניט פאַרטשעפּען. ער האָט מיר געהייסן פליען גלאַט אַזוי זיך, ביז די כוחות וועלן מיר אויסגיין, דאַן זאָל איך אַרונטערפאַלן אויף דער ערד און בלייבן ליגן.

אָבער די פייגעלאַך האָבן ניט געוואָלט טרויען דער פייל פון בויגן, ווייל ווען זיי זיינען נאָך קליינינקע געווען האָבן זייערע מאַמעס זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן זיך היטן פון קוילן און פון פיילן, ווייל טאָמער טרעפט אַ קויל אָדער אַ פייל פון בויגן איז מען פאַרביי.

זעט די פייל, אַז די פייגעלאַך האָבן פאַר איר פאָרט מורא, און זיי היטן זיך פאַר איר ווי פאַר פייער, רופט זי זיך אָן צו זיי:

— איך וועל אייך ניט טרעפן, ווייל דאס אינגעלע, וואָס האָט מיך אויסגעשאָסן, האָט זיך אין אייך ניט געצילט.

פרעגט איין פייגעלע ביי דער פייל:

— טאָ צו וואָס-זשע האָט ער דאָס געטאָן? גלאַט אין דער וועלט אַריין געשאָסן?

— יאָ, — האָט געענטפערט די פייל, — אַלע קינדער שיסן היינט אַזוי. איך בין ניט די איינציקע. איר זעט, ווי עס פליען פיילן פון אַלע זייטן? אַלע קינדער שיסן. היינט איז ביי זיי אַזאַ יום טוב. ל״ג-בעומר רופן זיי דאָס. זיי גייען אַלע אין וואַלד און אין פעלד אַריין, מיט פיילנבויגנס, און זיי שיסן. אָבער זיי דערשיסן קיינעם ניט: זיי שיסן גלאַט אין דער וועלט אַריין. זיי צילן זיך ניט אין די פייגע-לאַך, אין קיינעם ניט. זיי זיינען גוטע קינדער. זיי זיינען וואוילע קינדער.

— יאָ, — רופט זיך אָן איין פייגעלע, — עס זיינען דאָ אויך שלעכטע קינדער. איך האָב אַמאָל געזען ווי אַ אינגעלע האָט געמוטשעט אַ פייגעלע.

— ניט מיין אינגעלע, — האָט די פייל געענטפערט, — מיין אינגעלע, דאָס אינגעלע, וואָס האָט מיך אויסגע־שאָסן, טשעפּעט ניט קיין פייגעלאַך. ער אַליין טשעפּעט ניט קיין פייגעלאַך, און ער האָט מיר אָנגעזאָגט איך זאָל אויך ניט טשעפּען.

— יאָ, — האָט נאָך אַ פייגעלע זיך אַריינגעמישט אין די רייד, — זעסט, האָט דאָס פייגעלע געזאָגט צו דער פייל, — זעסט, ווי איינער פון דיינע אינגעלאַך וואַרפט אין דער הויך עפּעס אַזוי ווי אַ באָמבע? זעסט, ווי ער וויל אונדז טרעפן? היט זיך, פייגעלאַך! — האָט דאָס פייגעלע אויסגעשריען צו די איבעריקע פייגעלאַך — היט זיך, שוועסטער, אַ אינגעלע וואַרפט אַ באָמבע! אַ באָמבע פליט!

— זיי ניט קיין נאַר! — האָט געענטפערט די פייל, — דאָס פליט ניט קיין באָמבע, נאָר אַ פּילקע. זי קען אייך ניט טרעפן. דאָס איז אַ גומינע פּילקע. קינדער שפּילן זיך דאָס אין פּילקעס. כאַ־כאַ־כאַ! ס׳אַראַ שרעקעדיקע איר זייט! אויף אַ פּילקע מיינט איר, אַז ס׳איז אַ באָמבע. פליט רואיק, ליבע פייגעלאַך מיט אייערע כשרע אייגעלאַך. האָט מיר אַ גוטן יום טוב! איך פלי ווייטער. איך האָב מער

קיין צייט ניט צו רעדן מיט איך, ווארים דאָס לעבן פון אַ פייל איז אויף אַ ווייל. אַ פייל לעבט ניט אַזוי לאַנג ווי אַ פייגעלע. באַלד וועלן מיר די כוחות אויסגיין, און איך וועל מוזן פאַלן אויף דער ערד. אַזוי האָט מיר מיין אינגעלע געזאָגט. אַ קלוג אינגעלע. אַלצדינג ווייסט ער. נו, איך פלי פייל פון בויגן, אָן פליגל און אָן אויגן. אַזוי זינגען אונטן די קינדער.

איז וויטער געפלויגן די פייל פון בויגן, און איז טאַקע לאַנג ניט געפלויגן. די כוחות זיינען איר אויסגעגאַנגען און זי איז אַרונטערגעפאַלן אויף דער ערד, אַזוי ווי דאָס אינגעלע האָט איר געהייסן, און איז געבליבן ליגן.

ליגט זיך אַזוי און ליגט די פייל, און קיינער קוקט זיך אויף איר ניט אום. פליט אַרונטער אַ פייגעלע אויף דער ערד צו זוכן קערנדלאַך. שטעלט זיך דאָס פייגעלע אַוועק אָפּרוען אויף דער פייל און דערקענט גאָר ניט די פייל, וועלכע איז נאָר וואָס געפלויגן אין דער לופטן און אַלע פייגעלאַך האָבן זיך פאַר איר געשראָקן. דאָס פייגעלע האָט אָפּגערוט אַביסל און איז ווייטער געפלויגן, און די פייל איז ווידער געבליבן ליגן אויף דער ערד.

ליגט זי אַזוי ווייטער, די פייל, און קיינער קוקט זיך אויף איר אַלץ ניט אום. גייען פאַרביי אַ כאַפּטע אינגלאַך מיט פיילנבויגנס, און צווישן די אינגלאַך איז אויך דאָס אינגעלע, וואָס האָט פריער אויסגעשאָסן די פייל, וועלכע

ליגט איצט אויף דער ערד. דאָס אינגעלע האָט דערקענט די פייל. האָט ער זיך איינגעבויגן און זי אויפגעהויבן.

— זעט קינדער, — האָט דאָס אינגעלע זיך אָנגערופן צו די איבעריקע אינגלאַך, — אָט איז די פייל, וואָס איך האָב פריער אויסגעשאָסן.

פרעגט ביי אים איינער פון די אינגלאַך:

— ווי אַזוי ווייסטו, אַז דאָס איז יענע פייל, וואָס דו האָסט פריער אויסגעשאָסן?

— איך האָב געמאַכט אַ סימן אויף איר, — האָט דאָס אינגעלע געענטפערט, — זעסט, אַ שטערנדל. איך וועל נאָך אַמאָל אויסשיסן די פייל און זאָל זי ווידער פליען.

און דאָס אינגעלע האָט אָנגעשטעלט דעם פיילנבויגן און אויסגעשאָסן און די פייל האָט אַ פלי געטאָן און זיך אויפגעהויבן אַזוי הויך, אַז מען האָט זי שוין מער ניט געקאָנט זען.

איז געפלויגן די פייל פון בויגן, און די פייגעלאַך האָבן שוין פאַר איר מער קיין מורא ניט געהאַט, וואָרים זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז דאָס איז אַ ל״ג-בעומר-פייל, וואָס אַ גוט אינגעלע האָט אויסגעשאָסן, ניט צילענדיק זיך אין קיינעם. און די פייל האָט ווידער אָפּגעגעבן די פייגעלאַך אַ גרוס פון די ליבע קינדערלאַך און זיי ווידער דערציילט, אַז ביי די קינדער איז היינט אַ יום טוב, ל״ג-

בעומר. האָבן די פייגעלאַך זיך איינגעבויגן, האָבן זיי דערהערט ווי די קינדער זינגען:

ל״ג-בעומר, ל״ג-בעומר,
זיצן פייגעלאַך אויף די בוימער;
פליט אַ פייל פון בויגן,
אָן פליגל און אָן אויגן.
האָט ניט מורא, פייגעלאַך,
מיר וועלן אייך ניט שיסן;
ניט מיר, קליינע אינגעלאַך,
וועלן בלוט פאַרגיסן.
האָט ניט מורא, פייגעלאַך,
מאַכט ניט צו די אייגעלאַך.

האָבן די פייגעלאַך גענומען פאַטשן מיט די פליגעלאַך. און די פייל פון בויגן איז ווייטער געפלויגן און האָט זיך אַרונטערגעלאָזן אין טייך. האָבן זיך די פישעלאַך דערשראָקן, מיינענדיק, אַז דאָס איז אַ ווענטקע צו כאַפּן זיי. אָבער די פייל האָט זיי דערציילט, אַז ביי די קינדער איז ל״ג-בעומר. האָבן די פישעלאַך גענומען טאַנצן אין וואַסער און פאַטשן מיט די עקן. און די פייל איז אַרויף פון אויבן אויפן וואַסער און איז געשוואומען און געשוואומען, ביז אַ אינגעלע איז געקומען און האָט זי פון טייך אַרויסגענומען.

לעאָן עלבע

(פון די קליינע קינדער׳ס וועגן)

(53.)

# ל״ג בעומר

פריי פון לערנען, פריי פון חדר,
אָנגעטאָן די יום-טוב קליידער, —
נעמט איך, קינדער, פייל און בויגן,
גייט אין וואַלד, אין פרישן, גרינעם,
וואו דורך צווייגן-נעץ דורך דינעם
קוקן הימל׳ס בלויע אויגן.

היינט איז אייער טאָג, ל״ג-בעומר,
איילט זשע, קינדער, צו די בוימער,
צו די גראָזן, צו די בלומען —
פרייען זיך דאָרט, טאַנצן, שפּרינגען,
הויך דאָרט פרילינג-לידער זינגען, —
ס׳איז ל״ג-בעומר-לעב געקומען!

א. י. גראָדזענסקי

———o———

(54.)

# בל״ג בעומר

אַ קינדערשער יום-טוב איז היינט, דער יום-טוב ל״ג-בעומר. און די חדרים קינדער זיינען אַרויס, אַנדערע אין פעלד און אַנדערע אין וועלדל, אָט דאָרטן אַוואו די פייגעלאַך זאָגן שירה און דער גראָז-שפּרינגער גייט אַטענצל — און זיי שפּרינגען און לויפן דאָרטן ווי יונגע שעפּסעלאַך, ציען זיך אוים אויפ׳ן ווייכן גראָז, קייקלען זיך פון שפּיץ

בערגל אַרונטער, קלעטערן אַף בוימער, וואַרפן פיילן פון זייערע בויגן, שיסן פון ביקסלאַך און אַרום איז בלויז פרייד און גליק.

און דאָרטן ביים ברעג טייכל זיצט אַ רבי און אַרום אים פופצן קליינע קינדער. ער דערציילט זיי וועגן דעם יום-טוב און אַלע זיצן און הערן זיך צו גוט צו זיינע רייד.

בלויז דער קלייגער געצל הערט ניט. ער האָט זיך פאַרקוקט אַף דער איי, וואָס זיין מוטער האָט אים געגעבן און ס'דוכט זיך אים, אַז זי איז קלענער פון זיין ברודערס — און ניט קיין גוטער פלאַן איז אים געקומען אויפ'ן געדאַנקען: אויסצובייטן זיין איי אַף זיין ברודערס...

געצל האָט געזען, אַז די פנימ'ער פון אַלע קינדער זיינען געווענדעט צום רבי'ן און קיינער קוקט זיך אַף אים ניט אַרום, איז ער שטיל צוגעגאַנגען צו זיין ברודערס פעקל און אַרויסגענומען פון דאָרטן די איי און אַנשטאָט איר אַריינגעלייגט זיינע. אָבער דאַן האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז זיין איי איז די גרעסערע און זיין ברודערס — די קליינע. האָט ער געשווינט אומגעקערט די גניבה אין פלאַץ און גענומען זיינע. האָט זיך אים אָבער ווידער אויסגעדוכט, אַז די איי אין זיין האַנט איז די קליינע און די איי אין ברודערס פעקל איז די גרויסע, און ער האָט ווידער געביטן איי אַף איי...

און טוענדיק דאָס האָט זיין האַרץ געקלאַפּט ווי די האַרץ ביי אַ גנב... איז די איי אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט, צעבראָכן זיך און זיך אויסגעגאָסן אַף זיינע קליידער...

דאַן איז זיין טאַטע ענדעקט געוואָרן פאַר אַלע חברים, האָבן זיי אַלע געלאַכט — און געצל האָט שטאַרק געוויינט.

דער רבי האָט גע׳פּסק׳נט, אַז די גאַנצע איי באַלאַנגט צו זיין ברודער און געצל איז געבליבן אָן אַן איי...

און ווען די צייט איז געקומען, האָבן זיך אַלע קינדער געזעצט עסן זייער אָנבייסן מיט פרייד, זיי האָבן געמאַכט אַ ברכה און געגעסן קיכל און אייער, באקסן און ראָזשינקעס, אָבער געצל האָט קיין ברכה ניט געמאַכט, האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען. זיין ברודער און זיינע חברים האָבן אים אַפילו געטרייסט און האָבן אים געוואָלט געבן פון זייערע אייער — אָבער געצל האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן, ווייל ס׳האָט אים זייער וויי געטאָן פאַר זיין שלעכטן טאָט און ס׳האָט אים פאַרדראָסטן, וואָס אַלע ווייסן דערפון...

נאָך דער סעודה זיינען די קינדער אויפגעשטאַנען און געשטיפט, געלאָפן און געשפּרונגען, געוואָרפן פיילן, געקלעטערט אַף בוימער, געיאָגט זיך נאָך פייגעלאַך און געשאָסן פון ביקסלאַך — געצל אָבער האָט געפעלט... שטיל האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון זיינע פריילאַכע חברים און געגאַנגען טרויעריק אַהיים...

י. שטיינברג

———o———

---

יום-טוב, ל״ג בעומר, רבי, גניבה, חבר — חברים, פסק, ברכה — ברכות, סעודה — סעודות.

# סִיוָן

(55.)

## סיון

סיון איז דער ניינטער אידישער חודש און דער דריטער פרילינג מאָנאַט די ניין מאָנאַטן הייסן: תשרי, מרחשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן, איר און סיון. דער חודש סיון פאַרענדיקט דעם פרילינג-סעזאָן, די תקופת האביב. אין חודש סיון זיינען די אידן, נאָכדעם ווי זיי זיינען אַרויס פון מצרים, געקומען אין מדבר סיני און זיך אָפּגעשטעלט געגן באַרג סיני און משה איז אַרויפגעגאַנגען אויפ׳ן באַרג.

און גאָט האָט געזאָגט צו משה׳ן: — גיי אַרונטער און גרייט צו דאָס פאָלק, זאָלן זיך אַלע רייניקן און וואַשן זייערע קליידער, ווייל אויפ׳ן דריטן טאָג וועט גאָט אַרונטערנידערן אויפ׳ן באַרג און זיי געבן די תורה.

די אידן האָבן געטאָן וואָס משה האָט זיי אָנגעזאָגט:

זיי האָבן זיך גערייניקט, געוואַשן זייערע קליידער און זיך צוגעגרייט פאַר דער וויכטיקסטער געשעהעניש, פאַרן

וויכטיקסטן מאָמענט פון דער געשיכטע, זיי האָבן זיך צו-
געגרייט פאַר מתן-תורה — ווען גאָט וועט זיי די תורה
געבן.

———o———

---

סיון, חודש, תקופת האביב, תקופת חורף, תקופת
הסתיו, מצרים, מדבר סיני, משה, תורה, מתן תורה.

## פראַגן:

וועלכער חודש איז דער ניינטער? ווי הייסן די ערשטע ניין
מאָנאַטן? וואָס מיינט תקופת האביב? וואָס מיינט תקופת החורף?
וואָס מיינט תקופת הסתיו? ווען זיינען די אידן געקומען אין מדבר
סיני? אַוואו האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט? ווער איז אַרויף אויפ'ן
באַרג? וואָס האָט גאָט געזאָגט צו משה'ן? וואָס האָבן די אידן
געטאָן? פאַר וועלכער געשעהעניש האָבן די אידן זיך געגרייט?
וואָס מיינט מתן תורה? וואָס איז אַ תלמוד-תורה? וואָס איז אַ
ישיבה? ווי הייסט די גרעסטע ישיבה אין אַמעריקא?



דער באַרג סיני

(56.)

# תורה איז די בעסטע סחורה

אויף אַ שיף, וועלכע איז געשוואומען אין ווייטע לענדער, זיינען געזעסן פיל סוחרים, וואָס האָבן געפירט פאַרשידענע סחורות. זיי האָבן געשמועסט וועגן מסחר, געוויזן איינער דעם צווייטן זייערע סחורות, געקויפט און געביטן זיך מיט זיי.

צווישן די סוחרים איז געזעסן אַ געלערנטער.

„וואו איז דיין סחורה?" האָט מען אים געפרעגט.

— מיין סחורה וועל איך ווייזן, ווען מיר וועלן קומען אין לאַנד, — האָט געענטפערט דער געלערנטער.
די סוחרים האָבן זיך געוויצלט איבער אַזאַ סחורה, וואָס מען זעט זי ניט און זי פאַרנעמט קיין אָרט ניט אויפ'ן שיף.

אויפ'ן וועג זיינען אויף זיי אָנגעפאַלן ים-רויבער און צוגענומען די גאַנצע סחורה. ווען די שיף איז אָנגעקומען אין לאַנד, זיינען אַלע סוחרים אַראָפּ הוילע און נאַקעטע. זיי האָבן אַפילו ניט געהאַט אויפ'ן ערשטן מאָלצייט. אויפ'ן געלערנטן מענטשן אָבער האָבן געוואַרט פיל תלמידים זיינע און פאַרערער. מען האָט אים באַגעגנט מיט גרויס כבוד. דעמאָלט האָבן די סוחרים פאַרשטאַנען, אין וואָס באַשטייט זיין סחורה. זיי זיינען צו אים אַריינ-

געגאַנגען און געזאָגט: „גליקלאַך ביסטו, געלערנטער, מיט דיין סחורה. איצט ווייסן מיר, אַז זי איז די בעסטע: זי ווערט ניט גערויבט און גייט ניט פאַרלאָרן.“

זיי האָבן אים געבעטן, ער זאָל זיי באַהילפיק זיין אין זייער אומגליק. דער געלערנטער האָט געבעטן די עלטסטע פון שטאָט, מען זאָל זיי באַהילפיק זיין. די עלטסטע האָבן אויפגעקליבן פאַר זיי נדבות און אויסגע־ריכט זיי אַהיים.

(פון די אידישע אגדות לויט „נייע אידישע שול“)

---

תורה, סחורה, סוחר, סוחרים, מסחר, מסחרים, ים, ימים, תלמיד — תלמידים, כבוד, נדבה — נדבות.

---

תורה איז די בעסטע סחורה,

תורה איז אורה,

ער קאָן תורה כלה על רגל אחת,

תלמוד תורה כנגד כלם,

די תורה דאַרף מען לערנען ק״א פּעמים.

(57.)

# שבועות

דעם זעקסטן און זיבעטן טאָג אין חודש סיון פייערן מיר דעם יום-טוב שבועות. שבועות מיינט וואָכן, ווייל פון פסח ביז שבועות ציילן מיר זיבן וואָכן.

שבועות הייסט אויך חג הקציר, דער יום-טוב פון שניט, ווייל דאַן האָט מען געשניטן די תבואות פון די אידישע פעלדער און עס איז געווען אַ גליקלאַכע שניט צייט.

שבועות רופט זיך אויך חג הבכורים, דער יום-טוב פון ערשט-צייטיקע פרוכט, ווייל אין יענער צייט פלעגן אונזערע עלטערן ברייגגען די ערשט-צייטיקע-פרוכט פון די בוימער און פעלדער אין בית המקדש אַריין, צום כהן.

שבועות איז אויך דער יום מתן תורתנו, דער טאָג ווען די אידן האָבן די תורה באַקומען און געגעבן דער וועלט דעם יסוד פון ציוויליזאַציע, מאָראַל און מענטש-ליכקייט.

די דריי טעג בעפאָר שבועות הייסן שלשת ימי הגבלה, דריי טעג פון באַגרעניצונג, ווייל משה רבינו האָט דאַן באַגרעניצט דאָס פאָלק און האָט זיי אָנגעזאָגט זיי זאָלן זיך ניט דערוועגן און קומען נאָענט צום באַרג סיני.

—o—

---

שבוע — שבועות, סיון, יום-טוב, פסח, חג הקציר, חג הבכורים, בית המקדש, כהן, יום מתן תורתנו, יסוד, שלשת ימי הגבלה, משה רבינו, סיני.

## פראגן:

וואָס מיינט שבועות? וואָס מיינט חג הקציר? חג הבכורים? יום מתן תורתנו? ווען פייערן מיר דעם יום טוב שבועות? וויפיל וואָכן איז פון פסח ביז שבועות? ווי הייסן די דריי טעג בעפאָר שבועות? וואָס מיינט שלשת ימי הגבלה? פאַרוואָס רופט מען די טעג שלשת ימי הגבלה?

---

(58.)

# שבועות

שבועות!

אַ צווייענדיקער יום-טוב: זמן מתן תורתנו, דער טאָג וואָס משה רבינו האָט אונדז די תורה געגעבן, ווי עס דערציילט זיך, און חג הבכורים, דער יום-טוב פון די ערשטע פרוכט פון דער ערד, אין ארץ ישראל.

פסח זיינען די אידן פון מצרים אַרויס, אַ פריי פאָלק געוואָרן, און שבועות האָבן זיי די תורה געקראָגן.

משה רבינו האָט זיי דערנאָכדעם געבן לערנען, ווי אַ פריי פאָלק דאַרף לעבן און פירן זיך.

אויפ׳ן באַרג סיני איז די תורה געגעבן געוואָרן. עס האָט געדונערט און געבליצט, און דער גאַנצער באַרג איז געווען פאַרדעקט מיט אַ געדיכטן רויך בעת מתן תורה.

דער שופר האָט געשאַלט און גערופן דאָס פאָלק צו הערן די עשרת הדברות.

און דאָס פאָלק, אונטען ביים באַרג, זעט די דונערן און די בליצן און ווי דער שופר שאַלט און ווי דער באַרג רויכערט, און אַ שרעק באַפאַלט דאָס גאַנצע פאָלק. און עס דונערט אַראָפּ גאָט׳ס שטימע, און עס צוטראָגן זיך ווייט אַרום די צען געבאָט, די —

# עשרת הדברות

א) איך בין גאָט דיין האַר, וואָס האָט דיך אַרויסגע-צויגן פון דעם לאַנד מצרים, פון קנעכשאַפט.

ב) עס זאָל ביי דיר ניט זיין קיין אַנדערע געטער אַ חוץ מיר.

ג) זאָלסט ניט דערמאָנען גאָט׳ס נאָמען אומזיסט.

ד) געדיינק דעם טאָג פון שבת, ער זאָל ביי דיר הייליק זיין; זעקס טעג זאָלסטו אַרבייטן און דיין גאַנצע מלאכה אָפּטאָן, אָבער דער זיבעטער טאָג איז אַ טאָג פון רו פאַר גאָט דיין האַר, זאָלסט קיין מלאכה ניט טאָן, ניט דו, ניט דיין זון, ניט דיין טאָכטער, ניט דיין קנעכט, ניט דיין דינסט, ניט דיינע פי און ניט דער פרעמדער, וואָס זיצט אין דיינע טויערן. דען אין זעקס טעג האָט גאָט באַ-שאַפן הימל און ערד, דעם ים, און אַלצדינק, וואָס געפינט זיך אויף זיי און אין זיי, און דעם זיבעטן טאָג האָט ער גערוט.

ה) זאָלסט ערלאַך האַלטן דיין פאָטער און דיין מוטער, כדי דו זאָלסט לאַנג לעבן אויף דער ערד, וואָס גאָט דיין האַר גיט דיר.

ו) זאָלסט ניט מאָרדן.

ז) זאָלסט ניט זיין אויסגעלאַסן.

ח) זאָלסט ניט גנב׳ענען.

ט) זאָלסט ניט זאָגן קיין פאַלש עדות אויף דעם צווייטן.

י) זאָלסט ניט גלוסטן, וואָס דער צווייטער פאַרמאָגט.

דאָס זיינען די צען געבאָט פון באַרג סיני. משה האָט אָבער מיט די אידן געלערנט נאָך אַ סך אַנדערע געזעצן און גוטע מדות, וואָס זיי זאָלן אָפּהיטן, כדי די אידישע אומה זאָל אַ קיום האָבן. שפּעטער זיינען אויפגעשטאַנען אַנדערע לערער וועלכע האָבן ווייטער געלערנט די אידן, ווי צו לעבן אויף דער וועלט. די דאָזיקע געלערנטע און קלוגע מענטשן האָבן אויסגעטייטשט משה׳ס תורה און אַרויסגעדרונגען געזעצן. און אַזוי איז שפּעטער דער תלמוד געשאַפן געוואָרן.

דאָס איז מכח שבועות אַלס יום-טוב פון מתן תורה. צווייטנס איז שבועות דער חג הבכורים.

אַמאָל, ווען די אידן זיינען געזעסן אויף זייער אייגן לאַנד אין ארץ ישראל, זיינען זיי אַ פאָלק פון ערד אַרביי-טער געווען. שבועות איז געווען איינער פון זייערע דריי

נאָטור ימים-טובים (פסח, שבועות און סוכות) ווען די אידן פלעגן עולה רגל זיין קיין ירושלים אין בית המקדש אַריין. און שבועות פלעגן זיי מיט זיך אַהין ברייננען די ערשט-צייטיקע פרוכט פון זייערע פעלדער און גערטנער.

אַ פרייליכער, זומערדיקער יום-טוב!

אָבער ווען די אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון זייער לאַנד האָבן זיי שוין מער קיין פעלדער ניט געהאַט, דאָך איז שבועות, צום אָנדענקען פון יענע גליקלאַכע טעג, נאָך אַלץ געבליבן דער יום-טוב פון גרינס. גייט מען ערב שבועות אין וואַלד אַריין, אָדער צו די טייכן, וואו עס וואַקסט גרינס, און מען רייסט אָן צווייגן, גרינע בלעטער, בלומען און אַנדערע פלאַנצן לכבוד יום-טוב די הייזער אויסצופוצן. און מען באַצירט די פענצטער מיט רויזלאַך, מגן-דוד'ס און אַלערליי צאַצקעס און די פאָדלאָגע ווערט מיט גרינס אויסגעשאָטן.

און אַזוי הייליק איז דער יום-טוב פון מתן תורה, דאָס ביים אידישן פאָלק לעבט אַ וואונדערבאַרע לע-גענדע, אַז שבועות ביינאַכט שפּאַלט זיך דער הימל, און זאָל מען צוהיטן די רגע ווען דער הימל שפּאַלט זיך, און עפּעס בעטן, אַזוי וועט עס באַלד געשען.

ל. ע. (פון אידישן קוואַל)

---o---

שבועות, יום-טוב, זמן מתן תורתנו, משה רבינו, חג הבכורים, ארץ ישראל, פסח, סיני, שופר, עשרת הדברות, מצרים, שבת, מלאכה, כדי, גנב, מדה — מדות, אומה, קיום, תלמוד, מכה, עולה רגל.

(59.)

# רות

אַמאָל, אמאָל ,ווען די אידן זיינען אין זייער אייגן לאַנד געווען און זיינען ערד אַרבעטער געווען, איז איינמאָל געוואָרן אַ הונגער אין לאַנד. עס איז אַ לאַנגע צייט קיין רעגן ניט געגאַנגען, האָט די ערד קיין פרוכט ניט אַרויסגעגעבן און די מענטשן האָבן ניט געהאַט וואָס צו עסן.

ניט ווייט פון אידישן לאַנד יהודה איז געווען אַ לאַנד, וואָס האָט געהייסן מואב. האָט אַ איד, וואָס האָט געהייסן אלימלך, פון דער שטאָט בית לחם, פאַרלאָזן דאָס אידישע לאַנד און איז אַוועק אין דעם לאַנד מואב. ער האָט אויך מיטגענומען זיין ווייב נעמי און זיינע צוויי זין מחלון און כליון.

געמיינט האָט אלימלך צו בלייבן אין מואב אַ קורצע צייט, ביז דער הונגער וועט אַריבערגיין. דאַן וועט ער זיך אומקערן אַהיים אין זיין לאַנד אַריין. אָבער ער האָט זיך איינגעלעבט אין מואב און דאָרט געבליבן אַ לאַנגע צייט. איינמאָל איז ער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן. און נעמי איז געבליבן אַליין מיט אירע צוויי זין.

ווען מחלון און כליון זיינען אויסגעוואַקסן האָבן זיי זיך גענומען ווייבער פון מואב׳ס טעכטער. איינע האָט געהייסן ערפה און די צווייטע האָט געהייסן רות. אַז די זין האָבן חתונה געהאַט זיינען אַלע גליקלאַך געווען און אָן דעם אידישן לאַנד גאָר פאַרגעסן.

אין אַ קורצע צייט שפּעטער איז דער עלטסטער זון, מחלון, קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן, און דאַן איז דער צווייטער זון, כליון, געשטאָרבן. איז נעמי געבליבן אַליין מיט אירע צוויי שניר.

אַ צייט האָבן אַלע דריי די געשטאָרבענע באַוויינט, געבענקט און געטרויערט נאָך זיי. יעצט, אין איר גרויסן טרויער און אומעט, האָט זיך נעמי אָן איר היים, אָן דעם אידישען לאַנד, דערמאָנט.

האָט זי געזאָגט צו אירע שניר: אַ גרויס אומגליק האָט אונדז אַלע געטראָפן: מיינע זין און אייערע מענער האָט גאָט פון דער וועלט צוגענומען. טאָ וואָס וועלן מיר דאָ זיצן אַליין. קערט איר זיך, מיינע טעכטער, אום צו איי־ערע עלטערן און איך וועל זיך אומקערן אין מיין לאַנד אַריין.

האָבן די שניר ביטער געוויינט אויף זייער גרויס אומ־גליק און אויף דעם, וואָס זיי דאַרפען זיך שיידן מיט נעמי׳ן.

האָבן זיך אַלע גוט אויסגעוויינט, גענומען זייערע פּעקלאַך און פאַרלאָזן זייער הויז. אוןביידע שניר האָבן אַרויסבאַלייט נעמי׳ן פון דעם לאַנד מואב.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם וועג, וואָס פירט פון מואב קיין יהודה, האָט נעמי געזאָגט צו אירע שניר: איצט, מיינע טעכטער, לאָמיר זיך געזעגענען און איר וועט גיין אייער וועג און איך מיינעם.

נעמי האָט זיך צוקושט מיט איר עלטערער שנור ערפּה, זי געבענטשט און זי אַוועקגעשיקט. ווען זי האָט זיך גענומען געזעגענען מיט רות, האָט זיך רות צעוויינט און פון איר ניט געוואָלט אַוועקגיין.

— ניין, — האָט זי געזאָגט, — איך קאָן דיך ניט פאַר־לאָזן, איך וועל מיט דיר אין דיין לאַנד אַריין גיין.

האָט איר נעמי געזאָגט: „ווייסטו, אַז דאָס אידישע לאַנד איז אַנדערש פון דיין לאַנד? אַז די אידישע שפּראַך איז אַנדערש פון דיין שפּראַך? און דער אידישער גאָט איז אַנדערש פון דיין גאָט?“

האָט איר רות געענטפערט: „דיין פאָלק איז מיין פאָלק; דיין שפּראַך איז מיין שפּראַך; דיין גאָט איז מיין גאָט; און וואו דו וועסט גיין וועל איך גיין“.

ווען נעמי האָט געהערט די רייד פון רות איז זי איר געפאַלן אויפ׳ן האַלז און זי געקושט. און זיי זיינען ביידע אַוועקגעגאַנגען אין אידישן לאַנד אַריין.

זיי זיינען אָנגעקומען קיין בית לחם אין דער צייט ווען מען שניידט די תבואה פון די פעלדער. די אַמאָליקע רייכע נעמי האָט אָבער יעצט קיין אייגן פעלד ניט געהאַט און זי האָט זיך געפילט אָרעם און עלנט.

אַן איינפיר איז אין דעם אידישן לאַנד געווען, אַז מען האָט ניט געטאָרט אויפהויבן די זאַנגען, וואָס זיינען אַרונטערגעפאַלן ביים שניידן. דאָס איז געבליבן פאַר די, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע פעלדער. יענע אָרימע מענטשן פלעגן אַרויסגיין אין די פעלדער און אויפ־קלייבן אָט די זאַנגען און דאָס איז געווען זייער שניט.

איז רות אַרויסגעגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע אָרימע מענטשן קלייבן זאַנגען. האָט זי אָנגעטראָפן אויף אַ פעלד פון אַ רייכן אידן. געהייסן האָט דער איד בועז און ער איז געווען נעמי׳ס אַ קרוב. אַלע טאָג, אַלע טאָג איז רות געגאַנגען קלייבן זאַנגען אויף די פעלדער פון בועז.

איינמאָל איז בועז געקומען אויף זיין פעלד און ווען ער האָט דערזען רות׳ן איז ער איבעראַשט געוואָרן פון איר שיינקייט און איידלקייט. ער האָט געשיקט איינעם פון זיינע דינער זי רופן און ער האָט זי געפרעגט ווער זי איז; און רות האָט אים אַלעם דערציילט.

ווען בועז האָט זיך דערוואוסט, אַז זי איז די שנור פון זיין קרובה נעמי, האָט ער אָנגעזאָגט די אַרבייטער זיי זאָלן זיך גוט באַנעמען מיט איר און בכיון לאָזן אַ סך זאַנגען פאַר איר אויפצוקלייבן. ער האָט זיי אויך אָנגעזאָגט זיי זאָלן זי לאָזן עסן מיט זיי צוזאַמען

איז רות זייער צופרידן געווען, און אַז דער טאָג איז אַריבער האָט זי אויסגעדראָשן די זאַנגען און מיט דער תבואה זיך אומגעקערט אַהיים צו איר שוויגער נעמי און איר דערציילט, וואָס מיט איר האָט געטראָפן.

פון יענעם טאָג אָן איז זי אויף קיין אַנדער פעלד ניט געגאַנגען קלייבן זאַנגען ביז דער שניט האָט זיך געענדיקט. נאָכדעם האָט בועז גענומען רות׳ן פאַר אַ ווייב און רות איז געבליבן אַ געטרייע אידישע פרוי. און פון איר קינד, וואָס זי האָט געבאָרן, איז אַרויסגעקומען דוד המלך. און פון שטאַם פון דוד וועט אַרויסקומען משיח, וועלכער וועט אויסלייזן דאָס אידישע פאָלק פון גלות און זיי ברענגען צוריק אין זייער לאַנד אַריין.

איבערדערציילט פון ש. שאַפּירא
טאָג׳ס „קינדער־ווינקעל“

(60.)

# כבוד אם

רבי טרפון׳ס מוטער האָט אַמאָל געשפּאַצירט שבת אין איר שיינעם גאָרטן וואָס איז געווען ווייט פון איר הויז. האָט זיך ביי איר שטאַרק צוריסן איינער פון אירע סאַנדאַלן (שיך) און זי האָט ניט געוואָלט טרעטן אויף דער פייכטער ערד

קיין אַנדער שוך האָט זי ניט געלאָזט ברייגנען, ווייל זי האָט ניט געוואָלט מ׳זאָל פאַר איר טראָגן אום שבת.

האָט רבי טרפון אַרונטערגעלייגט זיינע הענט אונטער אירע טריט און אַזוי איז זי צוגעקומען צום הויז.

שפּעטער איז רבי טרפון קראַנק געוואָרן און זיינע חברים, די תלמידי חכמים, זיינען אים געקומען מבקר חולה זיין.

האָט רבי טרפון׳ס מוטער צו זיי געזאָגט:

— קינדער, זייט מתפלל פאַר מיין קראַנקן זון, ווייל קיינער איז ניט אַזוי מקים די מצוה פון כבוד אם ווי ער.

און זי האָט זיי דערציילט די מעשה מיט׳ן צעריסענעם שוך.

די תלמידי-חכמים האָבן זיך זייער פאַרוואונדערט אויף דער מעשה, אָבער אייניקע פון זיי האָבן באַמערקט:
— יאָ, געווים איז רבי טרפון מקיים די דאָזיקע הייליקע

מצוה, אָבער זיין האַנדלונג איז בלויז אַ קליינער חלק פון דער מצוה. די גרויסקייט און הייליקייט פון כבוד אב ואם האָט גאָר קיין שיעור ניט.

———o———

חברים, תלמידי חכמים, מבקר-חולה, מקיים, מצוה, כבוד אב ואם, מעשה, חלק, שיעור.

———o———

(61.)

# די גאַנצע תורה

איינמאָל איז אַ גוי געקומען צום באַרימטן תנא שמאי און אים געזאָגט:

— זיי מיך מגייר — מאַך מיר פאַר אַ אידן — אָבער איך וויל אַז דו זאָלסט מיר אויסלערנען די גאַנצע אידישע תורה אָט ווי איך שטיי דאָ אויף איין פוס (אין אַ קורצער ווײַלע).

שמאי איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער פון כעס און האָט דעם גוי פון זיך אַוועקגעטריבן.

דער גוי איז דאַן אַוועק צום צווייטן גרויסן תנא הלל און אים דאָס זעלבע געזאָגט.

הלל האָט אים געענטפערט:

— גוט. „טו ניט יענעם דאָס וואָס דו ווילסט זיך אַליין ניט טאָן“. דאָס איז אונזער גאַנצע תורה! דאָס איבריקע איז מער ניט, ווי איין גרויס פירוש אויף איר און אויב דו ווילסט מער וויסן גיי און שטודיר.

———o———

הלל, שמאי, גוי, מגייר, כעס, פירוש.

# תַמוּז

(62.)

## תמוז

תמוז איז דער צענטער אידישער חודש. די צען מאָנאַטן הייסן: תשרי, מרחשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן, איר, סיון, תמוז. תמוז איז דער ערשטער זומער מאָנאַט און פאַנגט אָן די תקופת הקיץ, דעם זומער סעזאָן. די זומער מאָנאַטן זיינען: תמוז, אב און אלול

„זומער. און שיין איז דער זומער אין פרימאָרגן. די זון שיינט. אַ לייכט זומער ווינטל פליט דורך און די בוימער אין וואַלד שאָקלען און באַגריסן זיך מיט אַ גוט מאָרגן. די זאַנגען אין פעלד האַלזן און קושן זיך און דער נאַכטיגאַל זינגט זיין מאָרגן-תפילה און דאַנקט גאָט, דעם באַשאַפער פון ליכט".

———o———

---

תמוז, תשרי, חשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן, איר, סיון, תקופת-הקיץ, תפילה.

### פראַגן:

ווי הייסט דער צענטער חודש? ווי הייסן די צען חדשים? וואָס מיינט תקופת-הקיץ? ווי הייסן די זומער חדשים?



זומער

(63.)

# זונען־אונטערגאַנג

עס ענדיקט זיך דער שיינער טאָג,
די געגנט ווערט אַנטשוויגן,
דאָס אָוונט-ווינטל, זיפּצנדיק,
די בוימער נעמט פאַרוויגן.

עס איילט די זון מיט שנעלע טריט
אין מערב-תהום צו זינקען,
באַלד וועט זי אין דעם ים פון בערג
זיך פייערדיק דערטרינקען.

יהואש

---

מערב, תהום, ים.

(64.)

# שבעה עשר בתמוז

שבעה עשר מיינט זיבעצן. דעם זיבעצנטן טאָג אין תמוז איז אַ תענית — אַ פאַסטטאָג. מיר פאַסטן, ווייל אין אָט דעם טאָג האָבן די באַבילאָנער, נאָך אַ יאָר און אַ האַלב באַלאַגערן, דורכגעבראָכן די וואַנט פון דער פעסטונג אַרום ירושלים, זיך אַריינגעריסן אין שטאָט און אָנגעפאַנגען אַ שרעקליכע שחיטה.

מיט גרויזאַמקייט און מורא׳דיקער רציחה האָבן זיי געטויט מענער, פרויען און קליינע קינדער. אַלע אוצרות און טייערע כלים פון בית המקדש האָבן זיי, די באַבילאָנער צוגענומען. דעם אידישן קעניג צדקיהו מיט זיינע קינדער האָבן זיי געפאַנגען און אויפ׳ן באַפעל פון בבל׳שן קעניג האָט מען געטויט זיינע זין און אים, צדקיהו׳ן, האָט מען אויסגעשטאָכן די אויגן און אַ געשמידן אין קייטן אַוועקגעפירט קיין בבל.

דעריבער איז שבעה עשר בתמוז אַ תענית און אידן פאַסטן אַ גאַנצן טאָג.

די טעג פון שבעה עשר בתמוז ביז נאָך תשעה באב — ניין טעג אין חודש אב — רופן מיר די „דריי וואָכן“ און אין העברעאיש רופן מיר אָט די דריי וואָכן פון נאַציאָנאַלן

טרויער בין המצרים — צווישן די גרעניצן — די אידישע שונאים האָבן נאָכגעיאָגט די אידן און געכאַפּט זיי צווישן די גרעניצן, בין המצרים!

—o—

---

שבעה עשר בתמוז, תענית, ירושלים, שחיטה, מורא, רציחה, אוצר — אוצרות, כלי-כלים, בית-המקדש, צדקיהו, בבל, תשעה באָב, בין המצרים.

פראַגן:

וויפיל איז שבעה עשר? פאַרוואָס איז שבעה עשר בתמוז אַ תענית? ווער איז געווען צדקיהו? אין וועלכער צייט איז ער געווען קעניג? ווער האָט פאַרוויסט דעם ערשטן בית המקדש? וואָס מיינט שחיטה? וואו זיינען פאָרגעקומען מורא׳דיקע שחיטות אויף אידן אין די יאָרן 1917 — 1918?

—o—

(65.)

# צו דו ווייסט?...

מיין פריינט, צו דו ווייסט,<br>
וואָס הייסט און באַדייט<br>
אַ ביטערע צייט?...<br>
צו פילסטו וואָס הייסט<br>
אַ פאָלק אין אַ צער,<br>
אַ פאָלק אין געפאַר?...

צו פילסטו, מיין פריינט,<br>
ווי טיף איז דער וויי,

ווען ס'הערט זיך פון פיינט
אַ בראָנפען - געשריי?

אָט זעסטו, — ער קומט
מיט רציחה און וואוט,
אָט הערסטו, — ער ברומט
און דאָרשט נאָך דיין בלוט.

און האָסט ניט וואוהין
נאָך רעטונג צו גיין,
נאָר סיידן צו אים,
צום שונא אַליין!

צו פילסטו, מיין פריינט,
וואָס איז דאָס אַזוינס,
אַ פאָלקל — אַ קליינס,
און גרויס איז דער פיינט!...

אָן וואַפן, אָן מוט...
און האָט ניט קיין שוץ,
און הפקר זיין גוטס,
און הפקר זיין בלוט!

א. רייזען

———o———

צער, רציחה, שונא, הפקר.

## פראַגן:

וויפיל אידן זיינען דאָ אין דער גאַנצער וועלט? וויפיל אידן זיינען דאָ אין ארץ ישראל? וויפיל אידן געפינען זיך אין אַמעריקא? אין וועלכן יאָר זיינען די אידן אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפּאַניען?

# מְנַחֵם־אָב

(66.)

## מנחם אָב

דער עלעפטער אידישער חודש איז אָב אָדער מנחם אָב. דער חודש אָב, הגם דער צווייטער זומער מאָנאַט, — ווען אַלץ בליט און וואַקסט — איז פאַר אונדז, אידן, אַ זייער טרויעריקע צייט.

אין דעם חודש אָב האָט זיך אָפּגעשפּילט אונזער גרעסטע נאַציאָנאַלע טראַגעדיע: דער שונא האָט אונזער לאַנד ארץ ישראל צוגערויבט און אונדז אין גלות פאַרטריבן.

שפּעטער זיינען נאָך אַנדערע אומגליקן געשען אין אָט דעם חודש און מיר רופן אים דעריבער מנחם אָב — דער טרייסט חודש אָב — זאָל שוין גאָט טרייסטן אָט דעם טרויעריקן חודש אָב.

———o———

---

מנחם אָב, חודש, הגם, גם, שונא, ארץ ישראל, גלות.

**פ ר אַ ג ן:**

פאַרוואָס רופן מיר דעם חודש אָב — מנחם אָב? וואָס מיינט גלות? וואָס האָט דאָס אידישע פאָלק פאַרלאָרן אין חודש אָב?

(67.)

# שבת חזון

דער שבת בעפאָר תשעה באָב, ווען מען לייענט אין די שולן די ווערטער פון נביא — חזון ישעיהו — הייסט „שבת חזון“.

„שבת חזון“ איז איינער פון די פינף שבתים וואָס האָבן באַזונדערע נעמען.

די שבתים זיינען: א) שבת שובה — דער שבת פון אומקערן. ב) שבת שירה — דער שבת פון געזאַנג. ג) שבת הגדול — דער גרויסער שבת. ד) שבת חזון — דער שבת פון זעהונג. ה) שבת נחמו — דער שבת פון טרייסט.

„שבת שובה“ איז דער שבת בעפאָר יום-כפור; „שבת שירה“ איז דער שבת ווען מען לייענט די סדרה בשלח; „שבת הגדול“ איז דער שבת בעפאָר פסח; „שבת חזון“ איז דער שבת בעפאָר תשעה באָב און „שבת נחמו“ איז דער שבת נאָך תשעה באָב.

———o———

---

שבת חזון, תשעה באָב, שבת-שובה, שבת-שירה, שבת הגדול, שבת חזון, שבת נחמו, יום-כפור. בשלח, פסח, חזון ישעיהו, נביא

### פראַגן:

וואָס מיינט „נביא“? ווער איז געווען ישעיהו? ווען איז „שבת-חזון“? פאַרוואָס הייסט דער שבת — „שבת-חזון“? ווען איז שבת-שירה? ווען איז שבת-הגדול? ווען איז שבת-נחמו?

(68.)

# חזון ישעיהו

א. די זעהונג פון ישעיהו, דעם זון פון אָמוץ, וועלכע ער האָט געזען איבער יהודה און ירושלים, אין די טעג פון עזיהו, יותם, אחז און יחזקיהו, די קעניגען פון יהודה.

ב. הערט, איר הימלען און לעג צו דאָס אויער, דו ערד, דען גאָט האָט גערעדט: קינדער האָב איך אויפגעצויגן און ערהויבן און זיי האָבן געפעלשט אָן מיר.

ג. דער אָקס ווייס זיין אייגנטימער, און דער אייזל — די קאַרעטע פון זיין האַר; ישראל אָבער ווייס ניט, מיין פאָלק קוקט זיך ניט אַרום.

ד. אָ, זינדיקע נאַציאָן, פאָלק מיט פאַרברעכן בעלאַסטערט, זאמען פון שלעכט-טוער, פער-דאָרבענע קינדער; פאַרלאָזן האָבן זיי גאָט, געלעסטערט האָבן זיי דעם הייליקן פון ישראל, אָבגערוקט אַהינטער האָבן זיי זיך.

ה. וואָס מער איר ווערט געשלאָגן, אַלץ מער ווידער-שפעניגקייט באַגייט איר. יעדער קאָפּ איז קראַנק, יעדעס האַרץ איז צעווייטאָקט.

ו. פון דעם פוס-זויל ביזן קאָפּ איז ביי אים קיין גאַנץ גליד ניט פאַראַנען; (בלויז) אַ וואונד און אַ בייל



ישעיהו הנביא

און אַן אייטעריק געשוויר; ניט אויסגעפּרעסט זיינען זיי געוואָרן, ניט אַרומגעבונדן און ניט ווייכגעמאַכט מיט אייל.

ז. אייער לאַנד איז וויסט; אייערע שטעט זיינען אין פייער פאַרברענט, אייער ערד — פאַר אייך (אין די אויגן) — פרעמדע פאַרצערן זי, און וויסט איז זי ווי אַן איבערקערעניש פון פיינט.

ח. און ציון איז איבערגעבליבן ווי אַ ביידל אין ווייגאָרטן, ווי אַ געצעלט אין אַ פעלד פון אוגערקעס; ווי אַ באַלאַגערטע שטאָט.

ט. ווען דער האַר פון אַרמייען וואָלט אונדז ניט אַ רעשט איבערגעלאָזן, וואָלטן מיר שיער ווי סדום געווען, גלייך צו עמורה וואָלטן מיר געוואָרן.

י. הערט דאָס וואָרט פון גאָט, איר גרויסע לייט פון סדום; פאַרנעם די לערע פון אונזער האַר, פאָלק פון עמורה.

טז. וואַשט זיך אָפּ, רייניקט זיך, טוט אָפּ אייערע בייזע טאַטן פון מיינע אויגן, הערט אויף שלעכטס צו טאָן.

יז. לערנט זיך גוטס טאָן, זוכט גערעכטיקייט, אונטערשטיצט דעם אונטערדריקטן, גיט זיין רעכט דעם יתום, נעמט זיך אָן די קריוודע פון דער אַלמנה.

יט. ווען איר וועט איינוויליגן און זיך צוהערן זאָלט איר דאָס גוטס פון לאַנד געניסן.

(ישעיהו — יהואש)

(69.)

# תשעה באָב

תשעה — מיינט ניין. דער ניינטער טאָג אין חודש אָב איז דער גרעסטער נאַציאָנאַלער טרויער טאָג ביים אידישן פאָלק.

אין אָט דעם טאָג האָבן די באַבילאנער פאַרברענט דעם ערשטן בית-המקדש, וועלכן שלמה המלך האָט געבויט און אין 656 יאָר שפּעטער, האָבן די רוימער — אין דעם זעלבן טאָג — חרוב געמאַכט דעם צווייטן בית-המקדש און עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אונזער לאַנגער, שווערער, צוויי-טויזנט יעריקער גלות.

שוין באַלד צוויי טויזנט יאָר ווי מיר וואנדערן אין גלות פון לאַנד צו לאַנד. מיר זיינען אומעדום געיאָגט און געטריבן, אָבער אונזער לאַנד, ארץ ישראל, האָבן מיר ניט און קאָנען ניט פאַרגעסן.

און יעדער תשעה באָב פאַרזאַמלען מיר זיך אין די שולן, זעצן זיך אויף דער ערד, זאָגן קינות — קלאָג לידער — און באַקלאָגן אונזער גורל און דעם גורל פון אונזער לאַנד וואָס איז נאָך אַלץ אין ניט אידישע הענט.

תשעה באָב לייענען מיר אויך „מגילת איכה“ געשריבן פון ירמיהו הנביא, וואו ער שילדערט מיט די שטאַרקסטע פאַרבן דעם אידישן חורבן.

תשעה באָב טרויערן אַלע אידן איבער דער גאַנצער וועלט און האָפן, אַז באַלד וועט קומען דער טאָג, ווען ארץ ישראל וועט צוריק ווערן אַ אידיש לאַנד און עס וועט נעמען אַ סוף צום שווערן, ביטערן אידישן גלות.

———o———

תשעה באָב, חודש, בית-המקדש, שלמה המלך, חרוב, חורבן, גלות, קינות, גורל, מגילת-איכה, ירמיהו הנביא, ארץ ישראל, סוף.

———o———

## פראַגן:

אין וועלכן טאָג זיינען ביידע בתי-מקדשים פאַרוויסט געוואָרן? ווער האָט געבויט דעם ערשטן בית המקדש? ווער האָט פאַרוויסט דעם ערשטן בית המקדש? ווער האָט פאַרוויסט דעם צווייטן בית המקדש? ווי לאַנג זיינען מיר שוין אין גלות? ווען וועט זיך אונזער גלות ענדיקן? ווען לייענען מיר מגילת-איכה? ווער האָט געשריבן מגילת-איכה? וואָס ווערט געשילדערט אין מגילת-איכה? וואָס מיינט קינות? ווען איז אונזער גרעסטער נאַציאָנאַלער טרויער טאָג? וואָס איז די גרעסטע אידישע נאַציאָנאַלע האָפנונג? ווי הייסן די אידן וואָס ווילן אַז ארץ ישראל זאָל ווערן צוריק אַ אידיש לאַנד? ווער איז געווען דער גרעסטער ציוניסטישער פירער? ווער איז דר. חיים וויצמאַן? ווער איז נחום סאָקאָלאָוו?



(70.)

# צו משיח'ן

אָ, גיכער, משיח, אָ גיכער שוין קום!
עס רינגלט די גאַנצענע וועלט שוין אַרום,
ווי גיפטיקע שלאַנגען, דער הונגער און נויט,
און הפקר און פחד, און אַנגסטן און טויט.
עס וויל שוין ניט אַלעמען שפייזן די ערד —
אָ, קום שוין, משיח, אויפ'ן ווייסינקן פערד!

אָ, קום שוין, משיח! עס דריקט אומעדום
די קייטן פון קנעכטשאַפט אַרום און אַרום;
עס האָט שוין קיין אָרט דאָס אומשולדיקע בלוט,
וואָס שפּריצט און וואָס גיסט זיך פון אונטער דער רוט.
עס ראַסטעט פון מענטשליכע בלוט שוין דאָס שווערד —
אָ, קום שוין, משיח, אויפ'ן ווייסינקן פערד!

א. רייזען

———o———

משיח, הפקר, פחד.





אבלי ציון

(71.)

# כותל המערבי

דער כותל המערבי, די איינציקע וואַנט וואָס איז איבערגעבליבן פון אונזער בית-המקדש, איז דער הייליקסטער אָרט, וואָס מיר האָבן. דער פלאַץ איז פאַר-הייליקט ביי אַלע אידן פון דער גאַנצער וועלט.

אין די אַלע יאָרן פון אונזער ביטערן גלות פלעגן אידן פון אַלע וועלט-טיילן קומען צו אָט דער אַלטער, מיט מאָך באַוואַקסענער הייליקער וואַנט, די קאַלטע שטיינער קושן און זייערע גלות-צרות דאָרטן אויסוויינען.

אין אַלע צייטן פון יאָר, בייטאָג און ביינאַכט, קאָן מען דאָרטן טרעפן אידן, פון אַלע עקן וועלט, קניענדיק און גאָט בעטן.

די אַראַבער, וואָס שטערן און לאָזן אונדז ניט ווידער אויפבויען אונזער לאַנד, האָבן לעצטנס אויך אָנגעפאַנגען צו ליאַרמען אַז דער כותל המערבי איז זייערער און אַז מיר, אידן, האָבן דאָרטן קיין שום רעכט ניט.

אַ קאָמיסיע, באַשטימט פון דער ענגלישער רעגירונג, האָט אויסגעפאָרשט דעם ענין און גע׳פסק׳ענט, אַז דער כותל המערבי באַלאַנגט טאַקע צו די אַראַבער אָבער אידן האָבן פולע רעכט צו קומען דאָרטן און מתפלל זיין.

אידישע קינדער דאַרפן אָבער וויסן און געדיינקען אַז דער כותל המערבי איז די איינציקע וואַנט וואָס איז אונדז איבערגעבליבן פון אונזער בית-המקדש, אַז די וואַנט איז שטענדיק אונזערע געווען און דאַרף אונזערע זיין.

———o———

---

כותל המערבי, בית-המקדש, גלות, גלות-צרות, מתפלל.

## פראַגן:

וועלכע וואַנט איז איבערגעבליבן פון בית-המקדש? פאַרוואָס איז די וואַנט הייליק? ווער שטערט די אידן אין דער ווידער-אויפבויאונג פון ארץ ישראל? וואָס איז פאָרגעקומען אין ארץ ישראל אין אויגוסט 1929? ווי רופט מען די יונגע אידן וועלכע פאָרן אין ארץ ישראל בויען דאָס לאַנד? ווער איז געווען דער ערשטער העכסטער בעאַמטער אין ארץ ישראל נאָך דער באַלפור דעקלאַראַציע? אין וועלכער שטאָט האָבן מיר אַ באמת אידישן אוניווערסיטעט?

(72.)

# כותל מערבי

אויפ׳ן הויכן באַרג,
אין דעם הייליקן לאַנד,
שטייט אַן אַלטע וואַנט;
חרוב איז זי אָן אַ שיעור,
ס׳וואַקסט און שימלט מאָך אויף איר,
דאָך שטייט זי אייזנפעסט.

ביי דער אַלטער וואַנט
שטייען אין טליתים,
אַלטע לייט — האַלב מתים;
זיי דאַווענען, תהלים זאָגן זיי,
אויף זייערע צרות קלאָגן זיי,
טויזנטיעריקע צרות.

און פונ׳ם הימל-הויך
אויף די וואַנט דאָרט פאַלן
וואַרעמע, ווייכע שטראַלן;
מיט רחמנות בליקן זיי,
יעדעם האַרץ דערקוויקן זיי,
מיט אַ שיין נחמה.

יעקב כהן

———o———

כותל מערבי, חרוב, שיעור, טלית, מת-מתים, תהלים, צרה — צרות, רחמנות, נחמה.



די רוימער צינדן אָן דעם בית המקדש

(73.)

# שבת נחמו

דער שבת נאָך תשעה באָב הייסט שבת-נחמו, דער שבת פון טרייסט. שבת נחמו לייענען מיר אין די שולן די טרייסט ווערטער פון נביא ישעיהו — נחמו, נחמו עמי — טרייסטעט, טרייסטעט מיין פאָלק.

דער נביא ישעיהו טרייסט דאָס אידישע פאָלק און זאָגט פאָראויס, אַז דער טאָג וועט זיכער קומען און ארץ ישראל וועט צוריק אַ אידיש לאַנד ווערן און אידן וועלן

לעבן דאָרטן גליקלאַך און צופרידן, ווי אין די צייטן פון שלמה המלך.

שבת נחמו איז איינער פון די פינף שבתים מיט ספּעציעלע נעמען. די שבתים זיינען: שבת-שובה, שבת-שירה, שבת-הגדול, שבת-חזון און שבת-נחמו.

———o———

שבת-נחמו, נחמו, נחמו עמי, נביא, ישעיהו, שבת-שובה, שבת שירה, שבת הגדול, שבת חזון.

———o———

## פראַגן:

ווען איז שבת-נחמו? פאַרוואָס הייסט דער שבת — שבת-נחמו? ווער איז געווען ישעיהו? וואָס מיינט נביא? וואָס איז ישעיהו מבטיח אין זיינע טרייסט נבואות?



(74.)

# נחמו, נחמו עמי

א. טרייסט, טרייסט מיין פאָלק, זאָגט אייער גאָט.

ב. רעדט צום האַרצן פון ירושלים, און רופט צו איר, אַז זי האָט דערפילט איר צייט, אַז אָפּגעצאָלט איז איר פאַרברעך; אַז זי האָט געקראָגן פון גאָט׳ס האַנד טאָפּל פאַר אַלע אירע זינד.

ג. אַ קול רופט: ראַמט אָפּ אין מדבר דעם וועג פון גאָט, גלייכט אויס אין דער וויסטע אַ שטעג פאַר אונזער גאָט.

ד. יעדוועדער טאָל זאָל דערהויבן ווערן און יעדוועדער באַרג און הייך זאָל דערנידערט ווערן; און דאָס קרומע זאָל ווערן גלייך, און די באַרגקייטן אַ פלוין

ה. און דער כבוד פון גאָט וועט אַנטפּלעקט ווערן, און אַלע לייבער אינאיינעם וועלן זען; וואָרום דאָס מויל פון גאָט האָט גערעדט.

ו. אַ קול זאָגט: רוף! און ער זאָגט: וואָס זאָל איך רופן? אַלע לייבער זיינען גראָז, און זייער חן ווי אַ בלום פון פעלד;

ז. פאַרטריקנט ווערט דאָס גראָז, פאַרוועלקט ווערט די בלום, אַז דער אָטעם פון גאָט בלאָזט דערויף; פאָרוואָר, גראָז איז דאָס פאָלק.

ח. פאַרטריקנט ווערט דאָס גראָז, פאַרוועלקט ווערט די בלום, אָבער דאָס וואָרט פון אונזער גאָט וועט אויף אייביק באַשטיין.

ט. אויף אַ הויכן באַרג גיי דיר אַרויף, אָנזאָגערן פון ציון; הויב אויף מיט כח דיין קול, אָנזאָגערן פון ירושלים; הויב אויף, האָב ניט מורא, זאָג צו די שטעט פון יהודה אָט איז אייער גאָט.

ישעיהו מ׳ א — י (יהואש)



תל-אביב



דר. הערצל

(75.)

# דר. טהעאדאר הערצל

זייט מיר אידן האָבן פאַרלאָרן אונזער לאַנד ארץ ישראל האָבן מיר ניט אויפגעהערט צובײנקען נאָך איר און צו האָפן אַז מיר וועלן קומען צוריק צו איר.

אונזער בײנקעניש און האָפנונג האָבן מיר אויס-געדרוקט אין אונזערע תפלות און ביי פילע געלעגענהייטן אין אונזער רעליגיעזן לעבן.

אָבער ניט נאָר האָבן מיר געבײנקט און געהאָפט. מיר האָבן אויך, ניט איין מאָל, געפּרואווט צו טאָן געוויסע מעשים וואָס זאָלן אונדז צוריקברײנגען קיין ארץ ישראל. אַ מאָל פלעגט קומען איינער וואָס האָט שוין מער ניט געקאָנט איבערטראָגן די אידישע צרות און זיך דער-קלערט אַלס משיח. אַן אַנדערש מאָל פלעגט אַ גרויסער אידישער פירער זיך אַליין באַזעצן אין ארץ ישראל און דערמיט געווירקט אַז דער ישוב אין ארץ ישראל זאָל זיך פאַרגרעסערן.

דער לעצטער פאַרזוך אויפצובויען ארץ ישראל איז געמאַכט געוואָרן פון דאָקטאָר טהעאָדאָר הערצל.

ווען ער האָט זיך באקענט מיט דער אידישער לאַגע איז זיין גרויסע נשמה געוואָרן פול מיט צער און ביי אים אין האַרצן איז אויסגעוואַקסן אַ הייליקער באשלוס:

שאַפן פאַר'ן אידישן פאָלק אַ אידיש לאַנד.

דאָס האָט ער אויסגעדרוקט אין זיין בראָשור „די אידישע מדינה", וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף דער וועלט. הערצל האָט זיך אָבער ניט באַנוגנט מיט שרייבן. ער האָט צוגעצויגן צו זיך גרויסע אידן און זיך גענומען פאַר דער הייליקער אַרבייט.

אין 1897 האָט ער גערופן אַ קאָנגרעס אין באַזל, שווייצערלאַנד. אויף דעם דאָזיקן קאָנגרעס איז דערקלערט געוואָרן פאַר דער וועלט אַז אידן ווילן האָבן זייער לאַנד. אויף יענעם קאָנגרעס איז געשאַפן געוואָרן די גרויסע אידישע פאָלקס-באַוועגונג ציוניזם און עס איז געגרינדעט געוואָרן די אַלוועלטליכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

הערצל איז געשטאָרבן זעהר יונג. אינגאַנצן 44 יאָר אַלט. אָבער פאַר די 7 — 8 יאָר וואָס ער איז געשטאַנען אויפ'ן שפּיץ פון ציוניזם האָט ער פאַראייביגט זיין נאָמען אַלס איינער פון די גרעסטע אידישע פירער און גבורים.

פאַר דעם אידישן פאָלק האָט ער איבערגעלאָזט אַ הייליקע ירושה: דעם רצון צו אַרבייטן פאַר דער אויפ-בויאונג פון ארץ ישראל ביז זי וועט אינגאַנצן אויפגעבויט ווערן און ווערן די היים פון דעם אידישן פאָלק.

# אֱלוּל

(76.)

## אלול

דער צוועלפטער און לעצטער חודש פון אידישן יאָר איז אלול. אלול איז אויך דער לעצטער זומער מאָנאַט און פאַרענדיקט די תקופת-הקיץ, דעם זומער סעזאָן.

אלול איז אַ מאָנאַט פון תשובה, פון גאָט בעטן, פון ווערן פרימער און בעסער.

אין חודש אלול גרייט מען זיך שוין. פאַר די ימים-נוראים, די מורא׳דיקע טעג, די טעג פון דין ומשפט — ראש השנה און יום כפור.

דעם גאַנצן חודש אלול בלאָזט מען שופר אָנצוזאָגן דעם עולם, אַז דער טאָג פון משפט איז נאָנט און מען דאַרף בעסער ווערן.

די לעצטע וואָך פון חודש אלול זאָגט מען אַלע פרי-מאָרגן סליחות.

סליחות מיינט פאַרגעבונג. מיר בעטן גאָט ער זאָל פאַרגעבן אונזערע זינד פון אַ גאַנץ יאָר.

———o———

אלול, תקופת-הקיץ, תשובה, ימים-נוראים, דין ומשפט, סליחות.

## פראַגן:

ווי הייסט דער צוועלפטער חודש? ווי הייסן די צוועלף מאָנאַטן? וויפיל תקופות האָבן מיר אין יאָר? ווי הייסן די תקופות? וועלכער חודש איז אַ מאָנאַט פון תשובה? וואָס מיינט תשובה? וואָס מיינט ימים-נוראים? דין ומשפט, וואָס מיינט? ווען זאָגט מען סליחות? וואָס מיינט סליחות?

---

(77.)

# סוף זומער

עס פעקלט זיך דער זומער שוין
און זיפצנדיק זיך זעגנט;
די שוואַלבן פליען מחנות-ווייז
אַוועק אין דרום-געגנט.

די דאַרע בלעטער פאַלנדיק,
מיט שוואַכן יאוש רוישן,
עס קוקן צווייגן נאַקעטע
פון יעדן בוים אַרויס שוין.

די לעצטע בלום וועלקט אויף איר שטאַם,
עס טריקענען די גראָזן,
די זונען-שטראַלן פאַלן קרום,
און קילע לופטן בלאָזן.

יהואש

---

סוף, מחנה — מחנות, דרום, יאוש.

(78.)

# סוף־זומער

סוף זומער, סוף זומער...
און אט ווערן באלד
שוין אנהייבן פאלן
די בלעטער אין וואלד.

סוף זומער, סוף זומער...
אוי ווינד איז און וויי!
שוין ליגט אויף דער לאנקע
געקאסיעט דאס היי.

סוף זומער, סוף זומער...
אט נאך אפאר טעג,
און ס'נעמען די פייגלען,
זיך קלייבן אין וועג.

ה. רויזנבלאט

---

(79.)

# צו סליחות

עס גייט דער אלטער שמש פונ'ם אלטן בית-מדרש אין די פינצטערע נאכט ארויס, האלט די אנגעצונדענע לאנטערנע געגן פנים, וועלכע בעלייכט זיין לאנגע, ווייסע בארד, און ער זוכט דעם וועג צו די אידישע הייזער.

אן אומעטיגער רוישן פון די בוימער טראגט זיך פונ'ם וואלד דורך דער פינצטערניש. דער שמש שטעלט זיך

אָפּ לעבן אַ הויז, קלאַפּט אָן אין די לאָדנס און שרייט אויס מיט אַ קול, ווי פון יענער וועלט: „שטייט אויף צו סליחות! שטייט אויף צו סליחות!“

גייט פון דעם הויז צו אַ צווייטן, צו אַ דריטן, קלאַפּט און רופט צו גאָט מיט זיין אומהיימליך קול אין דער פינצטערער נאַכט.

און עס בעווייזן זיך פייערליך אין די פינצטערע פענצטער, און אַ שליאַפּען פון באָרוועסע פיס דערהערט זיך פון די הייזער, און אַ הוסטן. און שפּעטער אַ ווײַלע, ווען דעם שמש׳ס קול טראָגט זיך אויף אַ צווייטער גאַס, טרעטן אַרויס פון די אידישע הייזער טונקעלע שאָטנס, אי גרעסערע, אי קלענערע, מיט לאַנטערנעס און באַוועגן זיך מיט פאַרשלאָפענע טריט, מיט אַ הוסטן און זיפצן, צום בית מדרש, וועלכער שטייט איצט אינגאַנצן באַלויכטן מיט אַ מין הייליקן שיין אינמיטן דער אַרומיקער פינצטערנעש.

און אָט הילכט די פינצטערע נאַכט מיט איין צונויפ-געגאסענעם געשריי פון אידישע טאַטעס און קינדער, וואָס רייסט זיך פונ׳ם בית מדרש אַרויס מיט אַ זיפצן און קרעכצן.

לעאָן קאָברין
(„פון אידישן קוואַל“)



(80.)

# אלול-ליד

דער בעל-תקיעה גיט אַ בלאָז;
עס פאַלט אַ טריבעס וועטער,
עס וועלקט אין פעלד דאָס יונגע גראָז,
דער בוים פאַרלירט די בלעטער.

די ערד שטייט הויל און נאַקעט באַלד,
אַ סוף איז צו איר יחוס;
דער פייגל זינגט אין גרויסן וואַלד
און וועקט און רופט צו סליחות.

ער זינגט אי אומעטיק, אי זיס:
אַ ג׳זעגן-ליד מסתמא;
דאָס גיט אַנעם, דאָס גיט אַריס,
אַרים ביי דער נשמה!

עס רוישט דער וואַלד, עס וויינט דער ווינט,
די האַק קוקט אָן דעם שומר;
דאָס קומט אַ יום-הדין אַצינד
אויף בוימלאַך און אויף בוימער.

מאררים ראזענפעלד

———o———

אלול, בעל-תקיעה, סוף, יחוס, סליחות, מסתמא, נשמה, שומר, יום-הדין.

(81.)

# אויב נישט נאָך העכער

און דער נעמיראָווער פלעגט סליחות-צייט יעדן פרי-מאָרגן נעלם ווערן, פאַרשווינדן!

מען פלעגט אים נישט זען אין ערגעץ; נישט אין ביידע בתי-מדרשים, נישט ביי אַ מנין, און אין דער היים אַוודאי און אַוודאי נישט. די שטוב איז געשטאַנען אָפן. ווער עס האָט געוואָלט, איז אַריין און אַרויסגעגאַנגען; גע׳גנב׳עט ביים רבי׳ן האָט מען נישט; אָבער קיין לעבעדיק באַשעפעניש איז אין שטוב נישט געווען.

וואו קען זיין דער רבי?

וואו זאָל ער זיין? מן הסתם אין הימל! ווייניק געשעפטן האָט אַ רבי פאַר ימים נוראים צו פאַרזאָרגן? יודעלאַך, קיין עין הרעה, דאַרפן פרנסה, שלום, געזונט, און דער שטן מיט זיינע טויזנט אויגן קוקט פון איין עק וועלט ביז דער צווייטער; און ער זעט, און מסר׳ט... און — ווער זאָל העלפן, אַז נישט דער רבי?

אַזוי האָט דער עולם געטראַכט.

איינמאָל איז אָבער אָנגעקומען אַ ליטוואַק; לאַכט ער! ער גלויבט נישט, אַז דער רבי איז אין הימל.

— וואו דען קומט אהין דער רבי סליחות-צייט?

— מיין דאגה! — ענטפערט ער און ציט מיט די אַקסעל; און תוך כדי דבור איז ער זיך מיישב, צו דערגיין די זאַך

נאָך דעמזועלבן פאַרנאַכט, באַלד נאָך מעריב, גנב׳עט זיך דער ליטוואַק צום רבי׳ן אין חדר אַריין, לייגט זיך אונטערן רבינ׳ס בעט, און ליגט. ער וועט אָפּוואַרטן די נאַכט און זען, וואו דער רבי קומט אהין, וואָס ער טוט סליחות-צייט.

פאַרטאָג הערט ער, ווי מען קלאַפּט צו סליחות. דערנאָך הערט דער ליטוואַק, ווי די בעטן אין הויז הויבן אָן צו סקריפּען... ווי די בני-בית כאַפּן זיך אַרויס פון די בעטן; ווי מען מורמעלט אַ אידיש וואָרט, מען גיסט וואַסער אויף די נעגל, עס קלאַפּן אויף און צו די טירן... דערנאָך איז דער עולם אַרויס פון שטוב, עס ווערט ווייטער שטיל און פינצטער, דורכן לאָדן שיינט קוים אַריין אַ קליין ביסל ליכט פון דער לבנה...

מודה האָט ער געווען, דער ליטוואַק, אַז ווען ער איז געבליבן איינער אַליין מיט׳ן רבי׳ן, איז אים באַפאַלן אַן אימה, די הויט איז אים אויפגעלאָפן פאַר שרעק...

אַ קלייניקייט: מיט׳ן רבי׳ן סליחות-צייט פאַרטאָג אַליין אין אַ שטוב...

ענדליך, שטייט דער רבי, זאָל לעבן, אויף.

פריער טוט ער, וואָס אַ איד דאַרף טאָן...דערנאָך גייט ער צו, צו דער קליידער-אַלמער און נעמט אַרויס אַ פּעקל... עס באַווייזן זיך פּויערשע קליידער: לייווענטענע

פלודערן, גרויסע שטיוול, אַ סיערמיענגע, אַ גרויס פוטערן היטל מיט אַ ברייטן, לאַנגן לעדערנעם פאַס, אויס-געשלאָגן מיט מעשענע נעגעלאַך.

דער רבי טוט עס אָן...

פון דער קעשענע, פון סיערמיענגע, שטאַרט אַרויס אַן עק פון אַ גראָבן שטריק... פון אַ פויערשן שטריק!

דער רבי גייט אַרויס; דער ליטוואַק — נאָך!

דורכגייענדיק, טרעט אָפּ דער רבי אין קיך, בויגט זיך איין, פון אונטער אַ בעט נעמט ער אַרויס אַ האַק, פאַר-לייגט זי אונטערן פאַס און גייט אַרויס פון שטוב.

דער ליטוואַק ציטערט נאָר ער טרעט ניט אָפּ.

הינטער דער שטאָט שטייט אַ וועלדל.

דער רבי, זאָל לעבן, נעמט זיך אין וועלדל אַריין. דער ליטוואַק גייט נאָך. דער רבי מאַכט אַ דרייסיק פערציק טריט און שטעלט זיך אָפּ ביי אַ ביימל און דער ליטוואַק ווערט נבהל ומשתומם, זעענדיק, ווי דער רבי נעמט אַרויס פון פאַס די האַק און שלאָגט אין ביימל אַריין

ער זעט, ווי דער רבי האַקט און האַקט, ער הערט ווי דאָס ביימל קרעכצט און קנאַקט און דאָס ביימל פאַלט, און דער רבי שפּאַלט עס אויף ליפּעס... די ליפּעס — אויף דינע שייטלאַך; און ער מאַכט זיך אַ בינדל האָלץ, נעמט עס אַרום מיט'ן שטריק פון קעשענע, ער וואַרפט דאָס בינדל האָלץ איבער די פּלייצעס, שטעקט צוריק אַריין די האַק אין פאַס, לאָזט זיך אַרויס פון וואַלד, און גייט צוריק אין שטאָט אַריין.

אין אַ הינטערגעסל שטעלט ער זיך אָפּ, ביי אַן אָרים, האַלב-איינגעבראָכן הייזל און קלאַפּט אָן אין פענצטערל.

— ווער איז? פרעגט מען דערשראָקן פון שטוב אַרויס. דער ליטוואַק דערקענט, אַז עס איז אַ קול פון אַ אידענע, פון אַ קראַנקער אידענע.

— יאָ! ענטפערט דער רבי אַף פויעריש לשון.

— קטא יאַ? פרעגט מען ווידער פון שטוב.

און דער רבי ענטפערט ווייטער, אַף מאַלאָראָסיש לשון: וואַסיל!

וואָס פאַר אַ וואַסיל און וואָס ווילסטו, וואַסיל?

— האָלץ, זאָגט דער פאַרשטעלטער וואַסיל, האָב איך צו פאַרקויפן! זייער ביליק... בחצי חנם האָלץ!

און, ניט וואַרטנדיק אַף אַ תשובה, נעמט ער זיך אין שטוב אַריין.

דער ליטוואַק גנב׳עט זיך אויך אַריין און, ביים גרויען ליכט פון פריפאָרגן, זעט ער אַן אָרימע שטוב, צובראָכן אָרים כלי-בית... אין בעט ליגט אַ קראַנקע אידענע, פאַרוויקלט מיט שמאַטעס, און זי זאָגט מיט אַ ביטער קול:

— קויפן? מיט וואָס זאָל איך קויפן? וואו האָב איך, אָרימע אלמנה, געלט?

איך וועל דיר באָרגן! ענטפערט דער פאַרשטעלטער וואַסיל; אינגאַנצן זעקס גראָשן!

— פון וואַנען וועל איך דיר באַצאָלן? קרעכצט די אָרימע אידענע

— נאַריש מענטש, — מוסר'ט זי דער רבי, — זע, דו בינסט אַן אָרימע קראַנקע אידענע און איך געטרוי דיר דאָס ביסל האָלץ, איך בין בטוח, אַז דו וועסט באַצאָלן; און דו, דו האָסט אַזאַ שטאַרקן, גרויסן גאָט, און געטרויסט אים ניט... און האָסט אַף אים, אַף נאַרישע זעקס גראָשן פאַר'ן בינטל האָלץ, קיין בטחון ניט!

און ווער וועט מיר איינהייצן? קרעכצט די אַלמנה, — איך האָב דען כח אויפצושטיין? מיין זון איז אַף דער אַרבעט געבליבן.

— איך וועל דיר איינהייצן אויך — זאָגט דער רבי.

און, אַריינלייגנדיק דאָס האָלץ אין אויוון, האָט דער רבי, געזאָגט פון סליחות דעם ערשטן פזמון...

און, אַז ער האָט עס אונטערגעצונדן, און דאָס האָלץ האָט פריילעך געברענט, האָט ער געזאָגט, שוין אַביסל לוסטיקער, פון די סליחות דעם צווייטן פזמון... דעם דריטן האָט ער געזאָגט, ווען עס האָט זיך אויסגעברענט און ער האָט די בלעך פאַרמאַכט...

דער ליטוואַק, וואָס האָט דאָס אַלץ געזען, איז שוין געבליבן אַ נעמיראָווער חסיד.

און שפּעטער, אויב אַ חסיד האָט אַמאָל פּאַרציילט, אַז דער נעמיראָווער, הויבט זיך, סליחות-צייט יעדן פרי-מאָרגן, און פליט אַרויף אין הימל אַריין, פלעגט שוין דער ליטוואַק ניט לאַכן, נאָר צוגעבן שטילערהייט:

אויב נישט נאָך העכער!

י. ל. פרץ

(82.)

# אלול טעג

שטילע גראָזן ציטערן,
טוליען זיך און בויגן זיך;
און די זון, די היטערן,
נעמט צום אָפּשייד נויגן זיך.

בוימעלאַך פאַראורעמטע
בא די הויפן הוידן זיך
בלעטלאַך, אָפּגעזומערטע,
פלאַטערן און סוד׳ן זיך.

וואָלקנדלאַך, צעשלאָגענע,
אין דעם רוים צעשפרייטן זיך,
פייגל, שטום, צעטראָטענע,
ערגעץ פליען גרייטן זיך.

קילער ווייען ווינטעלאַך
פרעמד און קאַלט גריסנדיק;
בלויז ביים הויז, די קינדערלאַך
שפּילן, גאָרנישט וויסנדיק.

אברהם רייזען

# תִּשְׁרֵי

(83.)

## תשרי

תשרי איז דער ערשטער חודש פון אידישן יאָר. דאָס אידישע יאָר האָט צוועלף חדשים. די חדשים הייסן: תשרי מרחשון, כסלו, טבת, שבט, אדר, ניסן, איר, סיון, תמוז, מנחם אָב און אלול.

די חדשים ווערן איינגעטיילט אין פיר תקופות אָדער סעזאָנען:

| חדשים | תקופה |
|---|---|
| תשרי, מרחשון, כסלו | הערבסט סעזאָן אָדער תקופת הסתיו |
| טבת, שבט, אדר | ווינטער סעזאָן אָדער תקופת החורף |
| ניסן, איר, סיון | פרילינג סעזאָן אָדער תקופת האביב |
| תמוז, אָב, אלול | זומער סעזאָן אָדער תקופת הקיץ |

יעדער דריטער אָדער פערטער יאָר איז אַן עיבור יאָר.
אַן עיבור יאָר האָט דרייצן חדשים—אדר און אדר שני.
אַ אידישער חודש האָט ניין-און-צוואַנציק טעג און דרייסיק טעג. די טעג פון חודש ווערן באַצייכנט מיט אותיות ווי פאָלגט: א׳, ב׳, ג׳, ד׳, ה׳, ו׳, ז׳, ח׳, ט׳, י׳, יא׳, יב׳, יג׳, יד׳, טו׳, טז׳, יז׳, יח׳, יט׳, כ׳, כא׳, כב׳, כג׳, כד׳, כה׳, כו׳, כז׳, כח׳, כט׳, און ל׳.
דער ערשטער טאָג פון חודש הייסט ראש חודש, דער אנפאַנג פון מאָנאַט.
תשרי איז דער ערשטער אידישער חודש און דער רייכסטער יום-טוב מאָנאַט.
ראש השנה, יום כפור, סוכות און שמחת תורה פייערן מיר אין חודש תשרי.
דער ערשטער און צווייטער טאָג תשרי איז ראש השנה, דער צענטער טאָג איז יום כפור, דער פופצנטער טאָג איז סוכות און דער דריי-און-צוואַנציקסטער טאָג איז שמחת תורה.

———o———

---

תשרי, תקופה — תקופות, קיץ, סתיו, חורף, אביב, עיבור, ראש חודש, יום-טוב, ראש השנה, יום כפור, סוכות, שמחת-תורה.

## פראַגן:

ווי הייסט דער ערשטער חודש? ווי הייסן די צוועלף אידישע חדשים? וויפיל תקופות האָבן מיר אין אידישן יאָר? ווי הייסן זיי? וויפיל חדשים זיינען דאָ אין אַן עיבור יאָר? וויפיל טעג האָט אַ אידישער חודש? וועלכע ימים-טובים פייערן מיר אין חודש תשרי? ווען פייערן מיר ראש השנה? ווען יום כפור? ווען סכות? ווען שמחת תורה?



תקיעות

(84.)

# ראש השנה

ראש השנה פאַנגט אָן דאָס אידישע יאָר.
אָן הוראַ געשרייען און אָן טומל באַגעגענען מיר
אונזער ניי-יאָר יום טוב.

ראש השנה, אונזער ניי-יאָר יום טוב איז פאַר אונדז
אַ צייט פון חשבון הנפש, פון פאַרטראַכטונג, ווען יעדער
איד שטעלט זיך אָפּ, גיט אַ קלער וואָס ער האָט אויפגעטאָן
אין משך פון יאָר און וואָס ער דאַרף טאָן אין דער צו-
קונפט כדי צו זיין אַ בעסערער איד און אַ בעסערער
מענטש.

זיינען דעריבער די צוויי טעג ראש השנה — טעג פון תפילה. אַלע אידן פאַרזאַמלען זיך אין די שולן, בעטן גאָט ער זאָל געבן דעם יחיד און דעם כלל אַ גוט יאָר, אַ יאָר פון שפע און פון וועלטליכן פרידן.

ראש השנה איז אויך אַ טאָג פון משפט — יום הדין — גאָט משפּ׳עט אַלע מענטשנקינדער לויט זייערע מעשים, און אַ טאָג פון שאַלן — יום תרועה — מען בלאָזט שופר אָנצוזאָגן דעם עולם אַז אָט באַלד קומט יום-כפּור און מען מוז תשובה טאָן, כדי גאָט זאָל אונדז פאַרגעבן אונזערע זינד.

דער ערשטער און צווייטער טאָג אין חודש תשרי איז ראש השנה.

---

ראש השנה, יום-טוב, חשבון הנפש, משך, תפילה, יחיד, כלל, שפע, משפט, יום הדין, מעשים, יום תרועה, עולם, יום כפּור, כדי.

## פראַגן:

וועלכער יום-טוב פאַנגט אָן דאָס אידישע יאָר? וואָס מיינט חשבון הנפש? וואָס בעטן מיר ראש השנה אין אונזערע תפלות? פון וואָס מאַכט מען אַ שופר? וואָס מיינט יום הדין? פאַרוואָס הייסט ראש השנה דער יום הדין? וואָס מיינט יום תרועה? פאַר-וואָס רופן מיר ראש השנה — יום תרועה? ווען איז ראש השנה?

(85.)

# לשנה טובה תכתבו

לשנה טובה תכתבו
אַלע, אַלע וואו איר זייט!
צו אייך האָט דאָס האַרטע מזל
אויף אַ וויסטן סטעפּ פאַרשפּרייט!

צו איר קילט די הייסע שטערן
ביי דער נאַסער מעריב - וואַנט,
צו איר שיפט אייך איבער ימים,
צו אַ נייַ פאַרשפּראָכן לאַנד!

צו איר טראָגט די יאָך, די שווערע,
מיט אַ שמייכל אוי ווי גרינג!
און איר קויפט די לופט צום לעבן
און איר צאָלט פאַר יעדן שלינג!

אַלע אייך צום יאָר, צום נייעם —
יעדער שפּראַך און יעדעם קלייד:—
לשנה טובה תכתבו,
אַלע, אַלע וואו איר זייט!

י. ל. פּרץ

(86.)

# תשליך

דעם ערשטן טאָג ראש השנה גייט מען צו אַ טייך אָדער קוואַל און דאָרטן, ביים לויפנדן וואַסער, זאָגט מען אַ תפילה וואָס מיר רופן „תשליך". תשליך מיינט „אַריינ-וואַרפן", ווייל אין אָט דער תפילה זאָגן מיר „ותשליך במצולות ים כל חטאתם" — וואַרף אַריין אין טיפעניש פון ים אַלע זייערע זינד

מיר בעטן גאָט ער זאָל אַריינוואַרפן אין ים אונזערע זינד, אונדז מוחל זיין און געבן אַלעמען אַ גוט יאָר, אַ שנה טובה.

---

תשליך, ותשליך במצולות ים כל חטאתם, תפילה, שנה טובה, חטא.

פראַגן:

וואָס מיינט תשליך? ווען גייט מען צו תשליך? אַוואו זאָגט מען די תפילה? פאַרוואָס הייסט די תפילה — תשליך?

(87.)

# צום גדליה

דער ערשטער טאָג נאָך ראש השנה, דער דריטער טאָג אין חודש תשרי, איז צום גדליה.

צום מיינט אַ פאַסטאָג, אַ תענית. אידן פאַסטן אַ גאַנצן טאָג.

צום גדליה דערמאָנט אונדז אַ היסטאָרישע געשעהע-ניש. גלייך נאָכן חורבן פון ערשטן בית המקדש האָט דער קעניג פון בבל, נבוכדנצר, באַשטימט גדליה׳ן, דער זון פון אחיקם, אַלס פירער פון דעם איבערגעבליבענעם אידישן ישוב. אָט דער קליינער אידישער ישוב וואָלט זיך זיכער פאַרגרעסערט און וואָלט שפּעטער געווען בכח זיך צו באַפרייען פון בבל׳שן יאָך. האָט אָבער ישמעאל, דער זון פון נתניה, פון דער קעניגלאַכער משפחה, גע׳הרג׳עט גדליה׳ן. די אידן, מורא האָבנדיק פאַר נבוכדנצר׳ס צאָרן, זיינען זיך צולאָפן, פון אידישן ישוב איז גאָר ניט געוואָרן און די אידן האָבן פאַרלאָרן דאָס לעצטע ביסל זעלבסט-שטענדיקייט וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט.

דעריבער איז דער טאָג פאַרבליבן אַ תענית, מיר פאַסטן, באַדויערן גדליה׳ס טויט און דעם סוף פון דעם איבערגעבליבענעם אידישן ישוב אין ארץ ישראל.

---

צום גדליהו, תענית, חורבן בית המקדש, בבל, נבוכדנצר, ישוב, בכת, משפחה, גדליה, ישמעאל.

## פראַגן:

ווען איז צום גדליהו? וואָס מיינט צום? וואָס מיינט תענית? ווער איז געווען קעניג פון בבל נאָכ׳ן ערשטן חורבן? ווער האָט באַשטימט גדליה׳ן אַלס פירער פון אידישן ישוב? ווער האָט גדליה׳ן גע׳הרג׳עט? וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט געהאַט גדליה׳ס טויט? ווער האָט חרוב געמאַכט דעם צווייטן בית המקדש? ווער האָט געבויט דעם ערשטן בית המקדש? ווי הייסן די אידישע זין און טעכטער וועלכע פאָרן אין ארץ ישראל בויען דאָס לאַנד?



(88.)

# עשרת ימי תשובה

די צען טעג, פון ערשטן טאָג ראש השנה ביז נאָך יום כפור, הייסן עשרת ימי תשובה — צען טעג פון אומקערן. אין אָט די טעג דאַרף זיך יעדער מענטש, מער ווי אַלעמאָל, באַטראַכטן און זיך אומקערן פון זיין שלעכטן און זינדיקן וועג. יעדער איינער דאַרף באַשליסן צו ווערן גוט, טאָן גוטס און גיין אין גוטן וועג.

אויב מיר באַשליסן אַזוי און מיינען עס באמת איז גאָט מוחל אונזערע זינד און גיט אונז אַ גוט יאָר.

---

עשרת ימי תשובה, ראש השנה, יום כפור, באמת, מוחל.

### פראַגן:

וועלכע טעג הייסן עשרת ימי תשובה? וואָס מיינט — תשובה? וואָס מיינט — מוחל זיין? ווען איז גאָט מוחל אונזערע זינד?

(89.)

# שבת שובה

דער שבת בעפאָר יום כפור הייסט שבת-שובה — דער שבת פון אומקערן. אין אָט דעם שבת לייענען מיר, אין אַלע שולן, די באַרימטע ווערטער פון נביא הושע: „שובה ישראל עד ה׳ אלהיך״ — קער זיך אום, ישראל, צו דיין גאָט.

דער נביא הושע זאָגט אונדז אָן זיך ניט צו פאַרלאָזן אויף הילף פון פרעמדע. קיינער וועט אונדז ניט העלפן און וויל אונדז ניט העלפן. בלויז גאָט און מיר אַליין, מיט זיין הילף און אונזערע אייגענע כוחות, קאָנען צוריק ווערן אַ נאָרמאַל פאָלק, ווי אַמאָל אין ארץ ישראל.

די אַנדערע שבתים מיט ספּעציעלע נעמען זיינען: שבת-שירה, שבת-הגדול, שבת-חזון און שבת-נחמו.

---

שבת-שובה, יום כפור, נביא, הושע, שובה ישראל עד ה׳ אלהיך, כח — כוחות, ארץ ישראל, שבת-שירה, שבת-הגדול, שבת-חזון, שבת נחמו.

## פראַגן:

ווען איז שבת-שובה? פאַרוואָס רופט מען דעם שבת — שבת-שובה? ווער איז הושע? ווי אַזוי קאָנען מיר צוריק ווערן אַ נאָרמאַל פאָלק? ווען איז שבת-שירה? שבת-הגדול? שבת-חזון? שבת-נחמו? אין וועלכער שפּראַך האָט דער נביא הושע געשריבן? וועלכע שפּראַך ווערט באַנוצט פון גרעסטן טייל אידן איבער דער וועלט? וועלכע שפּראַך איז אונזער נאַציאָנאַלע-שפּראַך? ווער איז אונזער גרעסטער העברעאישער דיכטער?



כל נדרי

(90.)

# ערב יום כפור

ערב יום כפור מיינט אַ טאָג בעפאָר יום כפור. ערב יום כפור איז אַ יום-טוב. מען דאַרף עסן יום-טוב׳דיקע מאכלים און אָנטאָן יום-טוב׳דיקע מלבושים.

דער שלחן ערוך — דאָס אידישע געזעץ-בוך זאָגט, אַז דער וואָס עסט און טרינקט ערב יום-כפור כדי ער

זאָל האָבן כוח צו פאַסטן יום-כפּור, פאַרעכנט אים גאָט, ווי ער וואָלט געפאַסט צוויי טעג.

ערב יום-כפּור דאַרף יעדער איינער בעטן זיינע מיט-מענטשן, אַז זיי זאָלן אים מוחל זיין, פאַרגעבן אים אויב ער האָט זיי שלעכט באַהאַנדלט, ווייל יום-כפּור פאַרגיט בלויז די זינד שבין אדם למקום — זינד פון מענטש געגן גאָט, אָבער ניט די זינד פון אדם לחברו — פון מענטש געגן זיין פריינד.

ערב יום כפור פאַרנאַכט עסט מען די אָפּשייד סעודה, די סעודה המפסקת און דער יום-כפּור תענית פאַנגט זיך אָן.

---

ערב יום כפּור, יום-טוב, מאכל — מאכלים, מלבוש, מלבושים, שלחן ערוך, כדי, כוח — כוחות, מוחל, שבין אדם למקום, אדם לחברו, סעודה המפסקת, תענית.

## פראַגן:

ווען איז יום-כפּור? וואָס איז דער שלחן-ערוך? וואָס זאָגט דער שלחן-ערוך וועגן עסן און טרינקען ערב יום כפּור? וועלכע זינד איז יום-כפּור מכפּר? וועלכע זינד איז יום כפּור ניט מכפּר? וואָס מיינט סעודה המפסקת?

(91.)

# יום־כפור

דער צענטער טאָג אין חודש תשרי איז יום-כפור, דער טאָג פון פאַרגעבונג. יום-כפור איז דער הייליקסטער טאָג פון יאָר, עס איז שבת-שבתון.

יום-כפור איז אַ גאַנץ „מעת-לעת", פון זונאונטער-גאַנג ביז זונאונטערגאַנג. יום-כפור פאַנגט מען אָן מיט דער באַרימטער תפילה „כל-נדרי" און מען פאַרענדיקט מיט דער תפילה „נעילה".

יום-כפור איז מען אַ גאַנצן טאָג אין שול, מען פאַסט און מען בעט גאָט ער זאָל מוחל זיין דעם יחיד — דעם איינצעלנעם — און דעם כלל — אַלעמען — און געבן אַלע אַ גוט יאָר, אַ יאָר פון פרייד און פון שלום.

יום-כפור בייטאָג לייענט מען די ווערטער פון נביא יונה. מען רופט עס מפטיר יונה. אין ספר יונה ווערט דערציילט ווי אמת׳ע חרטה האָט געווירקט, דערוועקט גאָט׳ס רחמנות און געראַטעוועט די שטאָט נינוה פון

אונטערגאַנג. נאָך נעילה בלאָזט מען שופר און מען פאַרענדיקט די יום-כפור׳דיקע תפילות מיט לשנה הבאה בירושלים — דעם קומענדיקן יאָר זאָלן מיר אַלע זיין אין אונזער לאַנד ארץ ישראל.



ירושלים

---

יום-כפור, שבת שבתון, מעת-לעת, כל-נדרי, נעילה, יחיד, כלל, נביא יונה, מפטיר, חרטה, רחמנות, שופר, לשנה הבאה בירושלים.

## פראַגן:

וועלכער טאָג איז דער הייליקסטער אין אידישן יאָר? ווען איז יום-כפור? ווי הייסט די ערשטע יום-כפור׳דיקע תפילה? ווי הייסט די שלום-תפילה? וואָס ווערט דערציילט אין ספר יונה? מיט וועלכע ווערטער פאַרענדיקן מיר די יום-כפור׳דיקע תפילות?



אַ סוכה

(92.)

# סוכות

נאָך ראש השנה און יום-כפור, אָדער ווי מיר רופן זיי די ימים נוראים — די מורא׳דיקע טעג קומט דער זמן שמחתנו, דער יום-טוב סוכות.

סוכות פאַנגט זיך אָן דעם פופצנטן טאָג אין חודש תשרי. די זיבן סוכות-טעג עסן מיר אין אַ סוכה. אַ סוכה שטעלט מען אויף פון ברעטער און מען באַדעקט איר מיט סכך — גראָזן אָדער בלעטער.

סוכות, דער זמן שמחתנו, איז אויך געווען דער חג האסיף — דער יום-טוב פון איינזאַמלען. ווען די אידן

האָבן געלעבט אין זייער לאַנד ארץ ישראל, וואו יעדער איד האָט געהאַט אַ ווייגאַרטן און אַ פייגנבוים, פלעגן זיי סוכות-צייט אַרונטערנעמען די תבואות און פרוכט פון זייערע פעלדער און גערטנער, איינזאַמלען עס אין די שייערן און זייער פרייד איז גרויס געווען, ס׳איז געווען זמן שמחתנו!

היינט אָבער, אין גלות, דערמאָנט אונדז דער יום-טוב סוכות דיביידלאַך אין וועלכע אונזערע עלטערן האָבן געלעבט וואַנדערנדיק אין דער מדבר.

די סוכה — אַ צייטווייליקער וואוינונג — סימבאַליזירט אויך אונזער גלות-לעבן: מיר האָבן ניט קיין היים, מיר זיינען אומעדום צייטווייליק, אומעדום ניט קיין געבעטענע געסט.

די סוכה דערמאָנט אונדז אויך, אַז מיר מוזן זען בויען אַן אמת׳ע סוכה — אַ אידישע היים אין ארץ ישראל, אַוואו דער סוכות וועט ווערן צוריק אַ חג האסיף, אַ זמן שמחתנו.

---

ראש השנה, יום-כפור, ימים נוראים, זמן-שמחתנו, סוכות, חג האסיף, סכך, ארץ ישראל, תבואות, גלות, מדבר.

## פראַגן:

וועלכע ימים-טובים רופן מיר ימים נוראים? ווען איז סוכות? מיט וואָס באַדעקט מען אַ סוכה? וואָס פאַר אַ נעמען האָט דער יום-טוב סוכות געהאַט, ווען אידן האָבן געלעבט אין ארץ ישראל? וואָס מיינט חג האסיף? וואָס מיינט זמן-שמחתנו? און וואָס דערמאָנט דער יום-טוב סוכות אין גלות? וואָס סימבאַליזירט די סוכה? און וואָס פאַר אַ פליכט דערמאָנט אונדז די סוכה?

(93.)

# דער אתרוג

געקומען דער ערשטער טאָג סוכות. נאָך דעם ביינאַכטיקן פרעסטל איז אויפגעגאַנגען די זון אפּ׳ן לויטערן בלויען הימל און באַגאָסן די ערד מיט אַ פריי-לאַכער מחיה׳דיקער ליכטיקייט, וואָס צוגייט אין יעדן אבר און פילט אָן דאָס האַרץ מיט אַ משונה געפיל, מיט אַ מאָדנע בענקעניש נאָך דעם איבערגעלאָפּענעם זומער. די זון לייכט, נאָר וואַרעמען וואַרעמט זי נִיט. „ווי אַ שטיפמאַמע", זאָגט מען ביי אונדז אין כתרילעווקע. נישטאָ יענע וואַרעמקייט, וואָס זומער-לעב! מען זעט נישט יענע גרינקייט וואָס זומער-לעב! מע הערט נישט דאָס פישטשען פון די פויגעלאַך, וואָס זומער-לעב! אַלץ אַלץ איז אַוועק מיט׳ן ערשטן שופר-בלאָז פון דעם ערשטן טאָג פון חודש אלול, און נישט אַזוי גיך וועט זיך אומקערן יענע וואַרעמקייט פון דער זון, יענע גרינקייט פונ׳ם גראָז און יענעם פישטשען פון די פויגעלאַך. די ערד וועט זיך נאָך גוט אָנפרוירן ביז דעמאָלט; גענוג שנייען וועט נאָך זיין ביז דעמאָלט, שנייען מיט ווינטן, מיט בורעס, מיט זאַווערוכעס. עס וועט נאָך גענוג בלאָזן און דרייען און פייפן און קערן די וועלט, ביז די ערד וועט זיך אויפכאַפּן פון איר קאַלטן שלאָף, אַראָפּוואַרפן פון זיך די קאַלטע געפרוירענע קאָלדרע און באַנייען זיך מיט אַ שפּאָגל-

ניי גרין קלייד און מחיה זיין טאָלן-און בערג, טייכן און ימים, בוימער און בלומען, חיות און בהמות, מענטשן און עופות, און אַלצדינג, וואָס לעבט, געוועלטיקט און ווידמעט זיך אַף דער ערד...

דעם טאָג האָט זיך משה יענקל דער נאמן געפעדערט אויפצושטיין, איבערקוקן די יום-טוב׳דיקע קריאה, איבער-זינגען זי מיט׳ן באַקאַנטן שיינעם יום-טוב׳דיקן ניגון. דעם טאָג האָט זיך בתיה-ביילה, די נאמנ׳טע, געפעדערט צו די יום-טוב׳דיקע פיש, מיט די יום-טוב׳דיקע פאַרפל מיט׳ן יום-טוב׳דיקן מערן-צימעס. דעם טאָג האָט זיך זלמן דער סטאָלער געפעדערט אָפּבענטשן אתרוג אין דער סוכה פריער פאַר אַלעמען, בכדי ער זאָל קאָנען טרינקען טיי מיט מילך און זיך אָנטאָן וואוילטאָק לכבוד יום-טוב.

— רב זלמן בעט דעם לולב מיט׳ן אתרוג — מאַכט די מאַמע צום טאַטן.

— עפן די שאַפע, נעם אַרויס די פושקע, נאָר פאַוואָ-לינקע! — זאָגט צו איר דער טאַטע און אַליין שטעלט ער צו אַ ביינקל צו דער שאַפע און נעמט אַראָפּ דעם לולב און איז זיך אַליין מטריח מיט אים אין סוכה אַריין מכבד זיין דעם סטאָלער מיט דער מצוה.

— נאַט בענטשט אתרוג — מאַכט ער צום סטאָלער,

— נאָר פאַוואָלינקע, למען השם, פאַוואָלינקע!...

זלמן דער סטאָלער איז, קיין עין הרע, אַ איד אַ גבר און האָט צוויי הענט, וואָס איטלאַכער פינגער פון זיי וואָלט געקאָנט אַנידערלייגן דריי אַזעלכע, ווי איך, אין איין קלאַפּ.

אָט אין די דאָזיקע הענט איז אַריינגעפאַלן דער ציטער-דיקער שמעקענדיקער אתרוג. נישט אומזיסט האָט זיך משה יענקל דער נאָמען אַזש אָווארף געטאָן, בשעת זלמן דער סטאָלאַר האָט אַנעם געטאָן דעם אתרוג, אַרעכטן קוועטש געטאָן אים און אַ גוטן טרייסל געטאָן מיט׳ן לולב.

— פאַוואָלינקע, פאַוואָלינקע! — זאָגט צו אים דער טאַטע און ציטערט איבער׳ן אתרוג. — אָט היינט קערט, זייט מוחל, איבער דעם אתרוג מיט׳ן פּטום אַראָפּ און זאָגט „שהחיינו״, נאָר פאַוואָלינקע, פאַוואָלינקע, למען השם, פאַוואָלינקע.

שלום-עליכם

---o---

---

אתרוג, סוכות, מחיה, משונה, חודש, אלול, שופר, חיה — חיות, בהמה — בהמות, עוף — עופות, ים — ימים, יום-טוב, קריאה, ניגון, סוכה, כבוד, לולב, מכבד, מצוה, למען השם, מוחל, שהחיינו.



(94.)

# שמיני עצרת

דער אַכטער טאָג סוכות איז שמיני עצרת — דער אַכטער טאָג פון פאַרזאַמלען זיך און פראַווען ימים-טובים.

שמיני עצרת בעטן מיר, אַז גאָט זאָל געבן רעגן, מען זאָגט תפילת גשם — אַ געבעט פאַר רעגן.

אָט די תפילה, די תפילת גשם ווייזט, אַז אידן האָבן קיינמאָל ניט פאַרגעסן זייער לאַנד ארץ ישראל. אַפילו אין די גלות-לענדער, געיאָגט און געפּלאָגט, האָבן זיי אין זינען געהאַט, אַז ארץ ישראל דאַרף רעגן און האָבן תפילה געטאָן און גאָט געבעטן ער זאָל רעגן געבן.

—o—

שמיני עצרת, גשם, תפילת גשם, גלות.

## פראַגן:

וואָס מיינט שמיני עצרת? וואָס פאַר אַ תפילה זאָגן מיר שמיני עצרת? וואָס מיינט תפילת-גשם? וואָס לערנט אונדז אָט די תפילה?

(95.)

# די תורה

גאָט האָט געגעבן די תורה צו די אידן דורך משה רבינו — אונזער לערער משה'ן.

די תורה הייסט חומש, ווייל זי איז איינגעטיילט אין פינף טיילן — פינף חומשים.

די פינף חומשים זיינען: א) בראשית ב) שמות ג) ויקרא ד) במדבר ה) דברים.

אין חומש בראשית ווערט דערציילט וועגן דער וועלט באַשאַפונג, וועגן אדם און חוה אין גן-עדן, וועגן מבול, וועגן נח אין דער תבה, וועגן די אידישע שטאַם-פאָטערס אברהם, יצחק און יעקב און וועגן דער אידישער איינוואַנדערונג אין עגיפּטן — מצרים.

אין חומש שמות ווערט דערציילט וועגן די אידן אין מצרים, זייערע ליידן און צרות, זייער באַפרייאונג פון מצרים דורך משה'ן און ווי אַזוי זיי האָבן געבויט דעם משכן אין דער מדבר.

דער חומש ויקרא איז אַ בוך פון געזעץ — אַלע געזעצן וועגן קרבנות און אַנדערע ענינים.

אין חומש במדבר ווערט דערציילט וועגן אַלע געשעהענישן און וואַנדערונגען אין דער מדבר, אַוואו די אידן האָבן געוואַנדערט פערציק יאָר.

דער חומש דברים איז אַ קורצער היסטאָרישער איבער־בליק, אַן איבער׳חזר׳ונג פון אַלץ וואָס האָט געטראָפן מיט די בני ישראל פון דעם ערשטן טאָג אָן ביז משה׳ס טויט.

די תורה, אָדער די פינף חומשים זיינען איינגעטיילט אין פיר און פופציק „סדרות“ אָדער „פרשיות“.

יעדן שבת לייענט מען אין די שולן איין סדרה און אַ מאָל לייענט מען צוויי סדרות.

אויסער דער תורה פאַרמאָגן מיר אויך די ביכער פון די פראָפעטן — „נביאים“ הייסן זיי — און די שריפטן פון אַנדערע גרויסע אידן וואָס מיר רופן „כתובים“.

די אנפאַנגס ווערטער פון תורה, נביאים, כתובים מאַכט:

# תַּנַ״ךְ.

דער תנ״ך איז דאָס הייליקסטע בוך ניט נאָר ביי אידן נאָר ביי אַלע פעלקער. דער תנ״ך איז איבערגעזעצט אין כמעט אַלע שפּראַכן און געפינט זיך אין יעדער הויז.

---

תורה, משה רבנו, חומש, בראשית, שמות, ויקרא, במדבר, דברים, אדם, חוה, מבול, נח, תבה, אברהם, יצחק, יעקב, מצרים, קרבנות, פרשיות, סדרות, נביאים, כתובים, תנ״ך.

## פראַגן:

ווער האָט געגעבן די תורה? פאַרוואָס הייסט די תורה — חומש? וויפיל חומשים זיינען דאָ? ווי הייסן זיי? וואָס ווערט דערציילט אין בראשית? אין שמות? אין ויקרא? אין במדבר? אין דברים? וויפיל פרשיות זיינען דאָ אין דער תורה? וואָס מיינט תנ״ך?

(96.)

# דער תַּנַ״ך

אומצייליקע מאָל האָב איך דעם תנ״ך געלערנט, געלייענט, געבלעטערט און אַריינגעקוקט אין אים. אומצייליקע מאָל האָב איך זיך פאַרטיפט און, אויב מען קאָן אַזוי זאָגן, זיך אַריינגעלעבט אין דעם „בוך פון אַלע ביכער״, און יעדעס מאָל קומט מיר דער תנ״ך פאָר ווי אַ ניי, נאָך קיינמאָל ניט געלעזן בוך.

אַזוי אַלט און אַזוי ניי! אַזוי ווייט פון אונדז און אַזוי נאָנט.

דער תנ״ך איז געווען דאָס ערשטע בוך, וואָס איך האָב אנגעהויבן לייענען, ריכטיקער: לערנען. און איך וויל גלויבן, איך וויל האָפן, אַז אויך מיין לעצט בוך, וואָס איך וועל לייענען, איידער דער לעצטער שטראַל ליכט וועט פאַרלאָשן ווערן אין מיינע אויגן און אין מיין גייסט, וועט זיין דער תנ״ך.

סתם אַ בוך לייען איך, אין בעסטן פאַל: לערן איך; דעם תנ״ך אָבער לעב איך דורך.

דער תנ״ך איז אין מיינע אויגן די נשמה פון מיין נשמה. די נשמה יתירה פון מיין פאָלק, די קווינט-עסענץ פון אונזער העכסטער, רייכסטער און איידעלסטער נאַציאָנאַלער שאַפונג.

איך עפן דעם תנ״ך און לייען אונזערע נביאים — און בין געטרייסט. דאָס גאולה וואָרט איז דאָ, ער לייכט אין מיינע אויגן, עס איז געשריבן מיט שוואַרץ פייער אויף ווייסן.

און יעדעס וואָרט ביי די נביאים בליצט, בליצט און בעלייכט טיפע אָבגרונטן. יעדער פסוק איז ווי אַ דונער וואָס מאַכט ריין די לופט. אַ טויבער מוז דאָס הערן, אַ בלינדער מוז דאָס זען.

ראובן ברייניז

---

תנ״ך, סתם, נשמה, נשמה-יתירה, גאולה, פסוק.



(97.)

# שמחת תורה

דער ניינטער טאָג סוכות הייסט שמחת-תורה — די פרייד פון דער תורה.

שמחת-תורה ענדיקט מען די תורה און מען פאַנגט באַלד אָן אויפדאָסניי.

מען ענדיקט מיט וזאת הברכה — די לעצטע סדרה פון דער תורה און מען פאַנגט גלייך אָן בראשית — די ערשטע סדרה פון דער תורה און די פרייד איז זייער גרויס.

שמחת תורה איז דער פריילאַכסטער טאָג אין אידישן יאָר. אידן פרייען זיך, הוליען, טאַנצן און זינגען. מען נעמט אַרויס די ספר-תורה׳ס פון ארון-קודש, מען גייט אַרום דער בימה און מען זינגט פריילאַכע לידער.

דאָס אַרומגיין מיט די ספר-תורה׳ס אַרום דער בימה הייסט „הקפות“.

שמחת תורה פאַרענדיקט דעם לאַנגן, פריילאַכן יום-טוב סוכות.

---

שמחת-תורה, וזאת הברכה, בראשית, ספר-תורה, ארון הקודש, בימה, הקפות.

### פראַגן:

וואָס מיינט שמחת תורה? ווען ענדיקט מען די תורה? ווען פאַנגט מען אָן די תורה? וועלכע סדרה איז די לעצטע? וועלכע איז די לעצטע סדרה? וואָס מיינט הקפות?



ישעיהו הנביא

(98.)

# והיה באחרית הימים

— און ער וועט אורטיילן צווישן נאַציאָנען און רעדן וועט ער צו די פעלקער, און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אַקער-אייזנס און זייערע שפּיזן אויף גאָרטן-מעסערס. אַ פאָלק געגן אַ פאָלק וועט מער קיין שווערד ניט אויפהויבן און זיי וועלן מער ניט לערנען קיין קריג.

ישעיה ב׳ ד



און זיי וועלן איבערשמידן זייערע
שווערדן אויף אַקער אייזנס

— און אַ וואָלף וועט לעבן צוזאַמען מיט אַ שעפּס, און אַ טיגער וועט ליגן צוזאַמען מיט אַ ציקעלע, און אַ קאַלב און אַ יונגער לייב און אַ פעטער רינד וועלן זיין אינאיינעם, און אַ קליין קינד וועט זיי פירן.

און אַ קו און אַ בער וועלן זיך צוזאַמען פיטערן, צוזאַמען וועלן זייערע יונגע ליגן, און דער לייב וועט אַזוי ווי דער רינד שטרוי עסן.

ישעיה יא׳ ו׳ ז׳

---

און אַ זויגלינג וועט זיך שפּילן ביי דעם לאָך פון אַ פּיפּערנאָטער, און אויף דער נאָרע פון אַ גיפטיקער שלאַנג וועט אַן ענטוויינט קינד זיין האַנד אויסשטרעקן.

זיי וועלן ניט טאָן קיין בייז און זיי וועלן ניט שאַדן טאָן אויפ׳ן גאַנצן הייליקן באַרג מיינעם, דען די גאַנצע ערד וועט זיין פול מיט ערקענונג פון גאָט, אַזוי ווי דער וואַסער פאַרדעקט דעם דעק פון ים.

ישעיהו יא׳ ח׳, ט׳, (יהואש)



(99.)

# והיה באחרית הימים...

קינדער קלוגע, ווילט איר וויסן,
וואָס ס׳וועט מאָרגן זיין —
צו דער מעשה׳לע דער שיינער,
הערט זיך, קינדער, איין:

ווען דער מאָרגן, דער דערוואַרטער,
געבן וועט אַ שיין —
וועט די וועלט פאַר יעדן איינעם
בעסער, שענער זיין...

פעלקער וועלן זיך ניט שלאַכטן,
אָט אַזוי, ווי היינט;
און די מענטשן, אַלע גלייכע,
וועלן זיין זיך פריינט...

שאַרפע שווערדן וועלן ווערן
שניידערישע שער;
און דאָס לעבן, אייביק שווערער,
וועט ניט זיין מער — שווער...

אַלע מענטשן וועלן לעבן,
פריילאַך, פריי און פראַנק;
ס׳וועט אַ קינד, אַ קינד אַ קליינס,
שפּילן מיט אַ שלאַנג...

בייסן וועלן ניט די שלאַנגען
אָט אַזוי ווי היינט;
בשלום וועלן אַלע לעבן,
אַלע זיין זיך פריינט...

וואַרטן מיר דעריבער טאַקע
אויף דער גוטע שעה,
ווען עס וועלן שופרות יובלען:
„מאָרגן איז שוין דאָ!“...

ח. גרענט

# אידישע אגדות

וועגן דער באציהונג

פון

# מענטש צו מענטש

(בין אדם לחברו)

א

# ס'איז ניט זיינס...

שמעון בן שטח איז געווען אַ גרויסער געלערנטער אָבער אויך אַ גרויסער אָרימאַן. איינמאָל האָט ער געקויפט אַן אייזל ביי אַן אַראַבער. ווען זיינע תלמידים האָבן באַטראַכט און באַטאַפּט דעם אייזל האָבן זיי געפונען צווישן זיינע האָר אַ גרויסן דימענט. זיינען זיי אַריינגעלאָפן צו זייער רבי'ן מיט גרויס שמחה:

— רבי, האָבן זיי אויסגעשריגן, גאָט האָט דיך באַגליקט מיט אַן אוצר. פון היינט אָן וועסטו שוין מער קיין אָרימאַן ניט זיין. און זיי האָבן אים געוויזן דעם דימענט, וואָס זיי האָבן געפונען.

שמעון בן שטח האָט רואיק באַטראַכט דעם דימענט און געזאָגט:

— ניין, טייערע תלמידים, דער דימענט איז ניט מיינער: געקויפט האָב איך ביים אַראַבער אַן אייזל, אָבער ניט קיין דימענט. גייט גיך און גיט אָפּ דעם אַראַבער דאָס וואָס איז זיינס...

———o———

שמעון, בן, תלמיד תלמידים, שמחה-שמחות, אוצר — אוצרות.

ב

# פאַרלאָרן אַ ביסעל און געפונען אַ סך

אַ סוחר פון הינער איז פאַרבייגעפאָרן דרבי חנינא בן דוסאַ'ס הויז און דאָרט פאַרלאָרן אַ קארב מיט הינער. רבי חנינאַ'ס ווייב האָט געפונען די הינער און זיי אַריינגענומען אין הויז. זי האָט געפרעגט איר מאַן וואָס צוטאָן מיט זיי. רבי חנינא האָט איר פאַרזאָגט, אַז זי זאָל, למען השם, זיך ניט באַנוצן מיט די אייער.

אַ שטיק צייט איז אַוועק און די הינער האָבן אָנגעלייגט אַ סך אייער און געבוירן פיל הינדעלאַך. רבי חנינאַ'ס ווייב האָט זיך געקלאָגט פאַר'ן מאַן, אַז זי האָט פון די הינדעלאַך און די אייער אַ סך אַרבייט און ווייניק נחת. האָט רבי חנינא פאַרקויפט די הינדעלאַך מיט די אייער און געקויפט עטלאַכע ציגן.

אין אַצייט אַרום האָט רבי חנינא געהערט נעבן זיין הויז, ווי איין מאַן זאָגט צום צווייטן:

— אָט דאָ האָב איך אַמאָל פאַרלאָרן עטלאַכע הינער.

רבי חנינא האָט דעם מאַן צו זיך צוגערופן און פאַרלאַנגט פון אים סימנים אויף די הינער. דער סוחר האָט אים געגעבן די ריכטיקע סימנים און דאַן האָט רבי חנינא אים אַוועקגעגעבן די ציגן.

———o———

---

סוחר — סוחרים, בן — בנים, סך, למען השם, נחת, סימנים.

ג

# ער פאַרדאָפּלט זיין נדבה

מר עוקבא איז געווען אַ גרויסער בעל-צדקה. לעבן אים האָט געוואוינט אַ שכן אַן אָרימאַן. מר עוקבא פלעגט אים שיקן אַלע ערב יום כפור פיר הונדערט שקל.

איינמאָל האָט ער דאָס געלט געשיקט מיט זיין זון. אין אַ ווייַלע אַרום איז דער זון צוריק געקומען מיט'ן געלט און געזאָגט:

— נאַ דיר, טאַטע, דאָס געלט צוריק. אונזער שכן איז ניט אָרים און דאַרף ניט קיין צדקה.

— פון וואַנען ווייסטו עס, מיין זון? — האָט מר עוקבא געפרעגט:

פון וואַנען איך וויים? — האָט דער זון געענטפערט — איך האָב געזען ביי אים אויפ'ן טיש אָנגעשטעלט די בעסטע מאכלים און די טייערסטע ווינען. אַזעלכע מאכלים און ווינען, וואָס מען זעט נאָר ביי די גרעסטע גבירים.

— אויב אַזוי, מיין קינד, האָט מר עוקבא געזאָגט: — איז דאָך דער מאַן געוואוינט געוואָרן צו לעבן אויף אַלדאָס גוטס — טאָ נאַ דיר טאַקע אַכט הונדערט שקל און ברייננ עס צו אים. ער איז אַ גרויסער נצרך.

———o———

---

נדבה — נדבות, בעל-צדקה, שכן — שכנים, שקל — שקלים, מאכל — מאכלים, גביר, גבירים, נצרך.

ד

# דער גוטער מאָלצייט

איינמאָל האָט הלל געבעטן זיין ווייב אַז זי זאָל פאַר אים אין אָוונט צוגרייטן אַ גוטן מאָלצייט, ווייל ער וועט מיטברייגנען אַן אורח. זיין ווייב האָט עס אים צוגעזאָגט.

אין אָוונט איז הלל געקומען מיט'ן אורח, זיך געזעצט צום טיש און געוואַרט אויפ'ן גוטן מאָלצייט. געוואַרט און געוואַרט און גאָרניט.

ערשט שפּעט אין אָוונט האָט הלל'ס ווייב דערלאַנגט צום טיש אַ פּראָסטן אָרימן זופּ וואָס זי האָט נאָר וואָס אָפּגעקאָכט און אַ לעבל ברויט וואָס זי האָט ערשט געבאַקן.

הלל און דער אורח האָבן שווייגנדיק אָפּגעגעסן די אָרימע סעודה. נאָכדעם האָט הלל זיך געווענדעט צו זיין ווייב און איר מילד געפרעגט:

— זאָג נאָר מיר, טייערע, פאַרוואָס האָסטו זיך אַזוי פאַרשפּעטיקט מיט'ן מאָלצייט?

הלל'ס ווייב האָט אים געענטפערט:

— דער מאָלצייט איז שוין געווען פאַרטיק נאָך איידער דו בינסט געקומען, און גראַדע אַ מאָלצייט פון גוטע מאכלים. איז אָבער פאַרנאַכט אַריינגעקומען אַן אָרימער

יונגערמאַן און מיר דערציילט, אַז היינט אָווענט גייט ער אונטער דער חופּה מיט זיין כלה. האָט ער געוואָלט כאָטש דעם ערשטן טאָג פון זייער חתונה מכבד זיין די כלה זיינע מיט אַ גוטער סעודה, אָבער ער קאָן עס ניט טאָן ווייל ער איז אָרים...

האָב איך זיך מישב געווען און אים אַוועקגעגעבן די צוגעגרייטע סעודה.

הלל האָט איר געענטפערט:

— איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, טייערע, אַז דו האָסט אַ גוטע זאַך געטאָן.

---

אורח — אורחים, סעודה, מאכלים, חופּה, כלה, חתונה, מכבד, מישב.

---

ה

# ער האָט זיי פאַר גוטע מענטשן געמאַכט

רבי מאיר האָט געוואוינט צווישן זייער שלעכטע שכנים. אמת׳ע רשעים זיינען זיי געווען און האָבן אים אָנגעטאָן אַ סך צרות. רבי מאיר האָט אַזויפיל געליטן פון זיי, אַז ער האָט זיין געדולט פאַרלאָרן און זיך אַוועק־געשטעלט מתפּלל זיין אַז זיי זאָלן אַלע אויסשטאַרבן.

זיין ווייב ברוריה האָט עס דערהערט. האָט זי אים געזאָגט:

— דו האַנדלסט ניט ריכטיק, מיין מאַן. אויב דו גלויבסט, אַז דיין תפלה וועט דיר העלפן, זאָלסטו בעסער מתפלל זיין אַז ביי אונזערע שכנים זאָל שטאַרבן זייער רשעות. דאַן וועלן זיי שוין ממילא ניט זיין קיין רשעים.

רבי מאיר האָט אַזוי געטאָן. ער האָט מתפלל געווען:

— גאָט, נעם אַוועק ביי מיינע שכנים זייערע שלעכטע כאַראַקטערן און שלעכטע מדות. די שכנים, ווי ס׳ווייזט אויס, האָבן זיך דערוואוסט, אַז רבי מאיר האָט פאַר זיי תפלה געטאָן און ס׳האָט אויף זיי אַ שטאַרקע ווירקונג געמאַכט. פון דאַמאָלסט אָן זיינען זיי געוואָרן רבי מאיר׳ס בעסטע פריינט און גוטע מענטשן בכלל.

---

רשעות, רשעים, שכנים, ספק, צרות, תפלה, מתפלל, מדות, בכלל.

---

ז

# ער קריגט זיין שטראָף

אַמאָל האָט אַ קצב באַליידיקט דעם גרויסן אַמורא רב. ווען ס׳איז געקומען ערב יום - כפור האָט רב געדענקט אַז דער קצב וועט אים קומען איבערבעטן. דער קצב

איז אָבער ניט געקומען. האָט רב זיך מישב געווען און באַשלאָסן גיין צום קצב.

האָט אים באַגעגנט זיין חבר רב הונא. פרעגט רב הונא:

— וואוהין גייסטו רב?

ענטפערט רב:

— איך גיי איבערבעטן דעם קצב וואָס האָט מיך באַליידיקט.

האָט רב הונא אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב מורא, רב, אַז דו גייסט דער׳הרג׳ענען אַ מענטשן. איך קען גוט דעם קצב און וויים, אַז ער וועט דיך נאָך מער באַליידיקן און וועט קריגן זיין שטראָף.

ווען רב איז אַריינגעקומען צום קצב איז ער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער פון כעס און אַ געשריי געטאָן:

— אַהאַ, דו בינסט דאָ! אַוועק פון מיר! איך וויל דיך ניט אָנקוקן!

אַזוי האָט ער אויסגעשריען מיט אַ ווילדער רציחה, ווען ער האָט געהאַקט אַ שטיק ביינערדיק פלייש. האָט אַ שפּרונג געטאָן אַ שאַרפער שפּיציקער ביין און זיך טיף אַריינגעשניטן אין זיין האַלדז.

דער קצב איז באַלד געפאַלן אַ טויטער...

---

קצב, אמורא, ערב, יום־כפּור, מישב, הרג, מורא, רציחה.

ז

# קלוג אָבער ניט אמת

רב׳ס ווייב איז געווען זייער א שלעכטע, אַן אמת׳ע מרשעת. זי פלעגט רב׳ן אַלץ טאָן אויף צו־להכעיס. אַז רב האָט איר געבעטן זי זאָל פאַר אים אָפּקאָכן לינדזן פלעגט זי דוקא קאָכן בעבלאַך, און אַז ער פלעגט איר בעטן בעבלאַך — האָט זי געקאָכט לינדזן.

ווען רב׳ס זון, חיא, איז אונטערגעוואַקסן און געזען ווי די מוטער באַגייט זיך מיט זיין פאָטער האָט עס אים שטאַרק פאַרדראָסן.

האָט חיא אָנגעהויבן איבערצודרייען דעם פאָטערס ווערטער. ווען דער פאָטער האָט געוואָלט עסן בעבלאַך פלעגט ער זאָגן דער מוטער אַז ער וויל לינדזן, כדי די מוטער זאָל קאָכן בעבלאַך... און אַזוי פאַרקערט...

עס איז אַוועק אַ שטיק צייט און רב האָט זיך שטאַרק גע׳חידוש׳ט, וואָס זיין ווייב האָט זיך אַזוי געענדערט און שמועסנדיק מיט זיין זון חיא׳ן האָט ער באַמערקט:

— ווייסט, מיין קינד, דיין מאַמען איז דאָך גאָר ניט צודערקענען... זי איז גוט געוואָרן...

חיא האָט אַ טראַכט געטאָן און דערציילט זיין פאָטער דעם אמת.

אויף דעם האָט רב געזאָגט:

— קלוג איז דאָס, אָבער זאָלסט עס מער ניט טאָן. פאַלשקייט איז — פאַלשקייט, אַפילו ווען ס׳איז פאַר אַ גוטן צוועק.

---

אמת, להכעיס, מרשעת, כדי, חידוש.

ח

# האַלט זיך ביי זיין באַשלוס

רב ספרא האָט מודיע געווען אַז ער וויל פאַרקויפן איינס פון זיינע פעלדער. איז געקומען צו אים אַ קונה בעת ער האָט געלייענט קריאת שמע.

דער קונה האָט אים פאָרגעשלאָגן אַ פּרייז פאַר ס׳פעלד. רב ספרא האָט אָבער גאָרניט געענטפערט, ווייל ער האָט ניט געוואָלט מפסיק זיין אין מיטן קריאת שמע. דער קונה האָט געדענקט אַז רב ספרא איז ניט צופרידן מיט׳ן פּרייז, האָט ער פאָרגעשלאָגן אַ העכערן פּרייז און געוואַרט.

ווען רב ספרא האָט געענדיקט קריאת שמע האָט ער געזאָגט צום קונה:

— גוט, דו קאָנסט האָבן דאָס פעלד פאַר׳ן ערשטן פּרייז.

דער קונה האָט געקוקט אויף אים מיט גרויס וואונדער. אויף דעם האָט רב ספרא געזאָגט.

— דאַרפסט זיך גאָרניט וואונדערן. באַלד ווי איך האָב געהערט דעם ערשטן פּרייז האָב איך ביי זיך אין האַרצן צו דעם מסכים געווען. דעריבער קאָן איך מיין באַשלוס מער ניט ענדערן...

---

רב ספרא, מודיע, קונה, קריאת שמע, מפסיק, מסכים.

ט.

# נאָך אַ מעשה מיט רב ספראַ'ן

אַמאָל איז רב ספרא אַרויס מיט זיינע תלמידים שפּאַצירן הינטערן שטאָט. האָבן זיי באַגעגנט אַ באַוואוסטן תלמיד חכם, וואָס איז געגאַנגען אין שטאָט אַריין. דער תלמיד חכם האָט זייער פריינדלאַך באַגריסט רב ספראַ'ן און געזאָגט:

— איך דאַנק דיר, רב ספרא, מיט דיינע תלמידים פאַר דעם כבוד וואָס איר זענט מיר געקומען מקבל פּנים זיין.

האָט רב ספרא געענטפערט:

— ניין, דאַנק אונדז ניט, מיר זיינען ניט אַרויס דיר מקבל פּנים זיין, נאָר פּשוט מאַכן אַ שפּאַציר.

דער תלמיד חכם איז אַביסל מבולבל געוואָרן און זיך פאַרשעמט.

שפּעטער האָבן די תלמידים געפרעגט רב ספראַ'ן פאַרוואָס ער האָט אַזוי געהאַנדלט.

רב ספרא האָט זיי געענטפערט:

— קינדער מיינע, מיר טאָרן ניט קריגן קיין דאַנק פאַר דאָס וואָס קומט אונדז ניט און מיר טאָרן ניט שאַפן ביי יענעם קיין פאַלשן איינדרוק...

———o———

תלמיד חכם, כבוד, מקבל פּנים, פּשוט, מבולבל.

י

# דער צונג

רבי שמעון בן גמליאל האָט אַמאָל געזאָגט צו זיין באַדינער, אַז ער זאָל קויפן פאַר אים דעם בעסטן מאכל. האָט דער באַדינער געבראַכט אַ צונג.

אַ צווייטן מאָל האָט רבי שמעון געזאָגט דעם באַדינער ער זאָל אים ברייננען דעם ערגסטן מאכל. האָט ער ווידער געבראַכט אַ צונג.

— וואָס מיינט דאָס? — האָט רבי שמעון געפרעגט — ווי איז דאָס מעגליך אַז דער זעלבער מאכל זאָל זיין אי דער בעסטער אי דער ערגסטער?

— געוויס מעגליך — האָט דער באַדינער געענטפערט — אזא טבע האָט דער צונג. באַנוצט מען זיך מיט אים פאַר גוטס איז ער דער בעסטער פריינד פון דעם מענטשן. באַנוצט מען זיך מיט אים פאַר שלעכטס איז ער דער ערגסטער שונא.

———o———

טבע, שונא.

יא

# אַנערקענט זיין שולד

רבי אלעזר בן שמעון איז אַמאָל געריטן אויף זיין אייזל זייער אַ צופרידענער און אַ שטאָלצער.

דאָס איז ער געפאָרן אַהיים צוגאַסט, נאָכדעם ווי ער האָט געענדיקט זיין קורס אין בית המדרש.

רייטנדיק האָט ער אָנגעטראָפן אַ מאַן וואָס איז געווען זייער העסליך. דער מאַן האָט זיך אַ נייג געטאָן צו רבי אלעזר און אים זייער פריינדליך באַגריסט.

רבי אלעזר האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן מאַן מיט גרויס פאַראַכטונג און געזאָגט:

— אַך, וואָס פאַר אַ מיאוסע באַשעפעניש דו בינסט. זיינען דאָ נאָך אַזעלכע מיאוסע ווי דו?

— דאָס ווייס איך ניט — האָט דער מאַן געענטפערט — נאָר אויב איך בין דיר ניט געפעלן, גיי און האָב אַ טענה צום באַשאַפער וואָס האָט מיר אַזוי באַשאַפן.

רבי אלעזר האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז ער האָט זייער מיאוס געהאַנדלט. האָט ער זיך אַרונטערגעלאָזט פונ׳ם אייזל, זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד פאַר׳ן מאַן און מיט אַ ציטערדיקער שטימע געזאָגט:

— איך בעט דיך, איך בעט דיך — זיי מיר מוחל.

דער מאַן האָט אים געענטפערט:

— דו גיי צום באַשאַפער און פרעג אים פאַרוואָס ער האָט מיך אַזוי באַשאַפען. דערביי האָט ער זיך מיט גרויס צאָרן אָפּגעקערט פון רבי אלעזר׳ן.

ווען זיי זיינען געקומען נאָנט צום שטאָט, האָבן זיך אַ סך מענטשן אַ לאָז געטאָן צו רבי אלעזר׳ן און אים באַגריסט מיט גרויס דרך ארץ.

דערביי האָבן זיי אויסגערופן:

— אונזער גרויסער רבי, אונזער גרויסער פירער!

דער מאַן האָט אַ פרעג געטאָן:

— איז ער ביי אייך אַ רבי און פירער?

אָ, אַזעלכע פירער זאָלן זיין וואָס ווייניקער ביי אידן.

די מענטשן האָבן זיך פאַרוואונדערט און אים געפרעגט וואָס ער מיינט דערמיט.

דער מאַן האָט זיי דערציילט וואָס ס׳האָט פאַסירט.

האָבן אַלע אים געבעטן אַז ער זאָל מוחל זיין רבי אלעזר׳ן. דער מאַן האָט געזאָגט:

— גוט. איך בין אים מוחל אָבער מיט׳ן תנאי אַז ער זאָל וויסן ווי צו באַהאַנדלען מענטשן.

———o———

---

מיאוס, טענה, מוחל, דרך ארץ, תנאי.

יב

# דערקענט דעם גנב

מר זוטרא איז אַמאָל פאַרפאָרן אין אַ גאַסטהויז און דאָרט איבערגענעכטיגט. אינדערפרי האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן אַז ס'פעלט אים זיין בייטל געלט.

ער האָט אָנגעהויבן נאָכפרעגן, נאָכזוכן — ניטאָ דאָס געלט. מר זוטרא איז געוואָרן זייער פאַרצווייפעלט.

דערווייל האָט ער באַמערקט ווי איינער ווישט זיינע הענט מיט אַ צווייטנס בגד. מר זוטרא האָט אויסגעשריען:

— אַהאַ, אָט איז דער גנב! אַז אַ מאַן דערלויבט זיך אָפּווישן זיינע הענט מיט יענעמס בגד איז ער געוויס אַ גנב.

כך הוה. פאָליציי איז געקומען און געפונען ביי אים דאָס געלט.

---

גנב, בגד, כך הוה.

יג.

# די פליכט צו אידישע אַרבייטער

רבי יוחנן בן מתיא האָט געשיקט זיין זון צו באַשטעלן אַרבייטער. ווען דער זון איז געקומען צוריק האָט אים דער פאָטער געפרעגט:

— ווי האָסטו אָפּגעמאַכט מיט זיי וועגן עסן:

— וואָס הייסט? — האָט דער זון געענטפערט — איך האָב זיי געזאָגט אַז די צייט וואָס זיי וועלן אַרבייטן ביי אונדז וועלן זיי עסן דאָס וואָס מיר עסן.

— האָסט ניט גוט געטאָן, מיין קינד — האָט רבי יוחנן געזאָגט — זיי זיינען אידישע אַרבייטער, קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב. איז אונזער פליכט צו באַזאָרגן זיי מיט די בעסטע מאכלים, בעסערע ווי מיר אַליין עסן. דערפאַר, אַ צווייטן מאָל, ווען דו וועסט באַשטעלן אַרבייטער זאָלסטו זיי בפירוש מודיע זיין פריער וועלכע מאכלים מיר קאָנען זיי געבן.

---

בפירוש, מודיע זיין.

יד

# גמילות חסדים

רבן יוחנן בן זכאי און זיין תלמיד רבי יהושע זיינען אַמאָל דורכגעגאַנגען דעם פּלאַץ וואו ס'איז אַמאָל געשטאַנען דער בית-המקדש.

רבי יהושע האָט זיך צעוויינט און געזאָגט:

— ווי איז אונדז, רבי. אָט דאָ איז געשטאַנען דער בית-המקדש. דאָ האָט מען מקריב געווען קרבנות וואָס האָבן מכפר געווען אויף אונזערע זינד. און איצט איז דאָס וויסט ווי אַ מדבר.

אויף דעם האָט רבן יוחנן געענטפערט:

— וויין ניט, מיין קינד, אויף די קרבנות. מיר האָבן אַנאַנדער מצוה וואָס איז פונקט אַזוי גוט ווי קרבנות. דאָס איז גמילות חסדים — העלפן און שטיצן איינער דעם צווייטן.

טו

# ער וויל און ער קאָן

רבי פּנחס בן יאיר פלעגט קיינמאָל ניט וועלן עסן ביי יענעם, כאָטש ער איז געווען באַליבט און געשעצט ביי יעדן.

איינמאָל איז ער פאַרפאָרן צום גרויסן אידישן נשיא — רבי.

רבי האָט זיך זייער דערפרייט מיט'ן חשוב'ן גאַסט. ער האָט פאַרזיכטיק אַזאָג געטאָן.

— געוויס, רבי פּנחס, וועסטו ביי מיר ניט נאָר שלאָפן נאָר אויך עסן. אַ יאָ?

רבי פּנחס האָט אים געענטפערט:

— יאָ, רבי, איך וועל ביי דיר עסן.

רבי איז געוואָרן אויסער זיך פאַר שמחה.

רבי פּנחס האָט אויף אים אַקוק געטאָן און שמייכלנדיק געזאָגט:

— וואָס מיינסטו, רבי, אַז איך האָב אַ נדר געטאָן ניט הנאה האָבן פון יענעמס טיש? ניין. די מעשה איז אַזוי: איינער וויל מיך האָבן ביי זיך — האָט ער נעבאך אַליין ניט גענוג צו עסן. אַ צווייטער האָט גענוג — פאַר־בעט ער מיך אָבער צו זיך ניט מיט'ן גאַנצן האַרצן. מיט דיר איז גאָר אַנדערש. אי דו האָסט גענוג, אי דו ווילסט מיך האָבן פאַר אַן אורח מיט אַן אמת.

———o———

מכנים אורח, חשוב, נדר, הנאָה האָבן, מעשה.

טז

# דיין לעבן איז בילכער

ווען צוויי מענטשן גייען אין אַ מדבר און איינער פון זיי האָט אַ קרוג וואַסער וואָס איז ניט גענוג פאַרביידן. וואָס זאָל דער וואָס האָט די וואַסער טאָן?

וועט ער זיך טיילן מיט'ן צווייטן — וועלן זיי ביידע שטאַרבן פון דורשט. וועט ער אָבער האַלטן די וואַסער נאָר פאַר זיך — וועט ער זיך קאָנען דערשלעפּן צו אַ ישוב און בלייבן לעבן. ווי איז דער דין?

אויף דער פראַגע ענטפערן צוויי תנאים.

בן פּטורא זאָגט:

— זאָלן זיי זיך ביידע טיילן מיט'ן וואַסער און ביידע שטאַרבן.

רבי עקיבא זאָגט:

— ניין. דיין לעבן איז בילכער.

דער דין בלייבט ווי רבי עקיבא.

———o———

ישוב, דין.

יז

# אַ מצוה צו זיין פריילאַך

רב ברוקא איז אַמאָל געשטאַנען אין מאַרק און באַטראַכט די מענטשן וואָס לויפן אַהין און אַהער. האָט ער דערזען אליהו הנביא און אים אַפרעג געטאָן:

— זאָג מיר, אליהו, זעסטו דאָ איינעם וואָס פאַרדינט עולם הבא

— ניין — האָט אליהו געענטפערט — איך זע ניט.

דערוויילי זיינען פאַרבייגעגאַנגען צוויי מענטשן האָט אליהו אַזאָג געטאָן:

— אָט די צוויי מענטשן פאַרדינען עולם הבא.

רב ברוקא האָט זיך נאָך זיי אַלאָז געטאָן, זיי אָפּגע-שטעלט און אַ פרעג געטאָן:

— זאָגט מיר, גוטע מענטשן, מיט וואָס באַשעפטיגט איר זיך?

זיי האָבן אים געענטפערט:

— מיר זיינען שטענדיק פריילאַך און מיר זעען אַז אויך אַנדערע זאָלן זיין פריילאַך. ווען מיר זעען אַ מענטשן מרה-שחורה׳דיק — טרייסטן מיר אים און שטאַרקן זיין געמיט. און ווען מיר זעען אַז צוויי מענטשן קריגן זיך קומען מיר באַלד צו און מאַכען שלום צווישן זיי

———o———

---

עולם הבא, מרה שחורה׳דיק, שלום.

יח

# צופיל איז ניט גוט

רב אשי האָט חתונה געמאַכט זיין זון און געמאַכט אַ גרויסע סעודה. ס׳איז געווען פריילאַך און לעבעדיק. אַ טייל פון די געסט אָבער האָבן זיך אַזוי צוהוליעט אַז זיי האָבן פאַרגעסן וואו זיי זיינען אין דער וועלט.

רב אשי האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ טייערן כוס פון דעם בעסטן געשליפענעם גלאָז און דאָס האָט אַ שליידער געטאָן אויף דער ערד.

דער כוס איז צושמעטערט געוואָרן און דער עולם איז געוואָרן שטיל און טרויעריק.

———o———

חתונה, כוס.



יט

# אַלעס איז צום גוטן

רבי עקיבא האָט געהאַט אַ טבע אַז אויף אַלעס וואָס האָט פּאַסירט מיט אים פלעגט ער זאָגן

— „אַלעס וואָס גאָט טוט איז צום גוטן".

איינמאָל איז ער פאַרפאָרן אין אַ דאָרף און זיך געבעטן מ׳זאָל אים לאָזן איבערנעכטיגן. קיינער אָבער האָט ניט דערפילט זיין בקשה.

האָט רבי עקיבא אַ זאָג געטאָן: „דאָס איז צום גוטן" און איז אַוועק אין פעלד נעכטיקן.

געהאַט האָט ער מיט זיך אַן אייזל, אַ האָן און אַ ליכט. האָט ער געמאַכט אַ געצעלט און זיך געלייגט שלאָפן.

ביינאַכט איז געקומען אַ לייב און אויפגעגעסן דעם אייזל. געקומען אַ ווילדע קאַץ און אויפגעגעסן דעם האָן. געקומען אַ ווינט און פאַרלאָשן די ליכט

אינדערפרי האָט ער זיך דערוואוסט אַז באַנדיטן זיינען באַפאַלן דעם דאָרף און געפאַנגען אַלע איינוואוינער. האָט רבי עקיבא צו זיך געזאָגט:

— ווען איך זאָל געווען נעכטיקן אין דאָרף וואָלט איך אויך געפאַנגען געוואָרן. ווען דער אייזל און דער האָן וואָלטן געבליבן לעבן און די ליכט וואָלט געברענט, וואָלטן די באַנדיטן געווען הערן דאָס הירזשען פונ׳ם אייזל, דאָס קרייען פון דעם האָן און דעם פייער פון דער ליכט. דאַמאָלס וואָלטן זיי מיך אויך געפאַנגען.

האָט גאָט געמאַכט אַלעס צום גוטן.

———o———

---

בקשה.

כ

# אַ חכם און אַ גולם

אַ חכם אונטערשיידעט זיך פון אַ גולם מיט זיבן זאַכן.

1. ער פאַרהאַלט זיך מיט גרוים דרך ארץ פאַר אַ געלערנטערן און עלטערן פון אים און לאָזט אים פריער רעדן
2. ער האַקט ניט איבער יענעם אין מיטן די רייד.
3. ער איז זייער פאָרזיכטיק מיט זיינע ענטפערס.
4. פרעגט צו דער זאַך און ענטפערט צו דער זאַך.
5. ענטפערט לויט די ארדנונג פון די פראַגן.
6. ווען ער פאַרשטייט ניט — זאָגט ער דאָס.
7. גיט צו ווען ער אַנערקענט אַז ער האָט געמאַכט אַ טעות.

אַזוי האַנדלט אַ חכם. דער גולם האַנדלט פונקט דעם היפוך.

———o———

---

טעות, היפוך.

# בילדער: